פֿערלאַג „אַרבייטער פֿריינד"

# צוויי ערצעהלונגען פֿון

# מאַקסים גאָרקי.




לאָנדאָן

1903

פערלאג „ארבייטער פריינד״ נומער 1.



געזאמעלטע ערצעהלונגען

— פון —

# מאקסים גארקי.



אינהאלט:

—





לאנדאן

אָקטאָבער 1903.



געדרוקט אין דער „אַרבייטער פּריינד״ דרוקעריי.



מאקסים גארקי.

(אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש פעשקאָוו.)

# מאַקסים גאָרקי.

—(::)—

מאַקסים גאָרקי, אָדער ווי זיין ריכטיגער נאָמען איז, אַלעקסיי מאַקסימאָוויץ פּעשקאָוו, איז געבאָרען געוואָרען דעם 14טען מערץ 1869, אין ניזשני נאָווגאָראָד. זיינע עלטערען האָבען חתונה געהאַט געגען דעם ווילען פֿון זיין מוטער'ס פֿאָטער, וועלכען עס איז ניט אָנגעשטאַנען, דאָס זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבען מיט אַן אָרעמאַן. אין 1872, ווען גאָרקי איז אַלט געווען 3 יאָהר, איז זיין פֿאָטער געשטאָרבען. זיין מוטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטען מאַן און איז אין גיכען געשטאָרבען פֿון שווינדזוכט. דאַן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען פֿאַר גאָרקי'ן אַן עלענדע קינדהייט און שפּעטער אויך אַ וואַנדערלעבען. אָנפֿאַנגס איז ער אַריינגעפֿאַלען אין די הענד פֿון שטריינגען און בייזען זיידען און האָט אָנגעהויבען צו געהן אין שולע. נאָר די פּאָקען-קראַנקהייט האָט איהם באַלד אָבגעריסען פֿון לערנען אויף שטענדיג. ווען ער איז קוים אלט געוואָרען ניין יאָהר האָט מען איהם אָבגעגעבען צו אַ שוסטער אַלס „לויף-אינגעל". דאָרט האָט ער זיך איינמאָל צופֿעליג אָבגעבריהט מיט קאָכיגע וואַסער און דער בעל הבית האָט איהם אָבגעזאָגט. ווען ער איז געזונד געוואָרען איז ער אָנגעקומען אַלס לעהר-אינגעל צו אַ צייכנער, פֿון וועלכען ער איז אַליין ענטלאָפֿען, ניט קענענדיג ליידען זיין גראָבע בעהאַנדלונג. פֿון אַ צייכנער איז ער געוואָרען אַ קוכס-געהילפֿע אויף אַ דאַמף-שיף. דער הויפּט-קוכער סמורי איז געווען ניט נאָר אַ גראַמאָטנער, נאָר זאָגאַר אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון לעזען. אין דעם אינגעל'ס הענד איז מיט אַמאָל אַריינגעפֿאַלען אַ ביבלאָטהייק, וועלכע איז בעשטאַנען פֿון כל המינים ביכער. צוזאַמען מיט נעקראַסאָוו'ס ווערק האָט זיך אויך געפֿונען עקאַרטסהויזען, נעבען סאָווערמעניק, איינער פֿון די בעסטע זשורנאַלען, וועלכע האָבען ווען עקזיסטירט אין רוסלאַנד, האָבען זיך אויך געפֿונען אַלטע ראָמאַנען, איסקראַ א.ז.וו. דינענדיג אויף'ן פֿאַראַכאָד האָט גאָרקי דערקענט דאָס לעבען פֿון דער שעהנער וואָלגאַ — דער קוואַל פֿון בעגייסטערונג פֿאַר זיינע מעהרסטע ווערק און האָט אויך ליב בעקומען פֿיל צו לעזען.

אויף'ן פֿופֿצענטען יאָהר האָט ער בעקומען אַ „ווילדען חשק" צו לערנען, און צוליבדעם איז ער געפֿאָהרען נאָך קאַזאַן. נאָר „קויפֿען וויסענשאַפֿט איז ניט געווען מיט וואָס" — ווי גאָרקי אַליין דערצעהלט, און אָנשטאָט דעם טעמפּעל פֿון וויסענשאַפֿט איז איהם אויסגעקומען אָנצוקומען אין אַ בייגעל-בעקעריי, וואו ער האָט געאַרבייט 18, 20 שטונדען אַ מעת לעת פֿאַר 3 רובעל אַ חודש. די עראינערונגען וועגען דיזער צייט — די שווערסטע צייט פֿון גאָרקי'ס לעבען — וועט דער לעזער געפֿינען אין זיינע ערצעהלונגע

„קאָנאָוואַלאָוו" (געדרוקט אין „אַרבייטער פריינד" פון דיזען יאָהר), אין „זעקס-און צוואַנציג און איינע", וועלכע מיר גיבען דאָ און אין די „געוועזענע מענשען".

אַזוי ווי פון דריי רובעל אַ חודש האָט מען דאָך קיין לעבען ניט געקענט מאַכען, האָט נאָך אונזער שריפטשטעלער געמוזט טהאָן אַנדערע אַרבייט, ווי למשל, שלעפען משא, פּאַקען, זעגען האָלץ א.ד.ג. ער האָט געלעבט צווישען אַ קאָמפּאַניע בראָדיאַגעס, „געוועזענע מענשען", וועלכע האָבען געדינט דעם טאַלאַנטפאָלען „בייגעל-בעקער" אַלס לעבעדיגער מאַ-טעריאַל. גאָרקי האָט דאָ ערלערענט ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעאַרבייט אין רוסלאַנד דאָס בראָדיאַגאַ-לעבען, ווי און מיט וואָס עס לעבט אָט די הונגעריגעריגע, נאַקעטע חברה. דעם דעק פון דער געזעלשאַפט און איהר אַבזאַץ, איהר שמוץ האָט ער קענען געלערענט ניט אַקוק געבענדיג אַהין, נאָר אַראָבלאָזענדיג זיך אין אַ הר וויטסטע טיפענים, איבערלעבענדיג אַליין אַלע איהרע ליידען און פריידען, און דאָרט אין יענער גרוב, אין יענעם שמוץ האָט ער געפונען זיינע „העלדען" — אָבוואָהל אָבגעריסענע, אויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט, דאָך אָבער מענשען מיט רייכע און אַלערזייטיגע געדאַנקען, מיט רייכע און פערשידענאַרטיגע שטימונגען.

אין 1888 האָט גאָרקי פּריבירט בעגעהן זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך דורכגעשאָסען איינע פון זיינע לונגען, נאָר זיין שטאַרקער קערפּער האָט עס אויסגעהאַלטען און ער איז גע-זונד געוואָרען. שפּעטער האָט ער געהאַנדעלט מיט עפּעל, געוועזען אַ דינער אויף אַן אייזענבאַהן, און אין 1890 איז ער צוריקגעקומען נאָך ניזשני-נאָווגאָראָד „שטעהן צום פּריזיוו". דאָ האָט ער זיך צום ערשטען מאָל בעקענט מיט דער אינטעלי-גענץ. פרייוועהרענדיג פון פּריזיוו האָט ער זיך געלאָזען וואַנדערען און האָט דורכגעשפּאַצירט גאַנץ בעסאַראַביע, די קרים, קובאַן און איז אַם ענדע אַריינגעפאַלען אין טיפליס, וואו ער האָט גע-פונען בעשעפטיגונג אין די זאַוואָדען פון דער אייזענבאַהן. דאָ האָט ער אין 1892 אָנגעפאַנגען זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט, אָבדרוקענדיג צום ערשטען מאָל אין דער צייטונג „קאַווקאַז" זיין ערצעהלונג „מאַקאַר טשודראַ"... די וואַנדער-יאָהרען זיינען פאָראיבער און גאָרקי איז — אָבוואָהל דורך גרויסע שוויריגקיי-טען—אַרויס אויף דעם ברייטען וועג, וועלכער האָט אין אַפּאָר יאָהר צייט איהם געבראַכט צו אַ וועלטליכען בערוף, דורך דער געוואַלדיגער ווירקונג, וועלכע ער מאַכט אויף מענשען. יעצט איז ער איינער פון די בעליבטסטע, אויב ניט דער בעליבטסטער שריפטשטעלער אין רוסלאַנד, אין גאַנץ אייראָפּאַ, אַמעריקאַ און זאָגאַר יאַפּאַן.





# אין דער שטעפּע.

— פון —

## מאַקסים גאָרקי.

(איבערזעצט אויס דעם רוסישען פון מ. ש.)



הונגעריג ווי הינד, בייז אויף דער גאַנצער וועלט זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען פון פערעקאָפּ. אויף'ן האַרצען איז געווען אַזוי שלעכט; אַ גאַנצען האַלבען מעת לעת האָבען מיר געבראָכען דעם קאָפּ, ווי קריגט מען עפּעס צו גנב'נען אָדער צו פערדינען, און אַז מיר האָבען סוף כל סוף איינגעזעהען, אַז ניט דאָס איינע, ניט דאָס אַנדערע וועט אונז געלינגען, האָבען מיר בעשלאָסען צו געהען ווייטער. וואָהין? אַזוי, גלאַט ווייטער.

איינשטימיג האָבען מיר עס בעשלאָסען. „ווייטער געהן, ווייטער געהן," האָט יעדער פון אונז געזאָגט. מיר זיינען אָבער געווען בערייט ניט נאָר יעצט ווייטער צו געהן, נאָר אין אַלע הינזיכטען פאָרטצוזעצען אונזער מאַרשרוט אויף דעם־זעלבען לעבענסוועג, אויף וועלכען מיר זיינען געגאַנגען ביז יעצט. מיר האָבען עס אפילו ניט געזאָגט איינער דעם אַנדערען, אָבער מען האָט עס קלאָר געקענט זעהען אין דעם פינסטערען גלאַנץ פון אונזערע הונגעריגע אויגען.

מיר זיינען געווען דריי; ערשט ניט לאַנג האָבען מיר זיך בעקענט, אין אַ שענק אין חערסאָן.

איינער פון אונז איז געווען אַ סאָלדאַט פון'ם אייזענבאַהן באַטאַליאָן; מיט רויטע האָר, שטאַרקע מוסקלען און קאַלטע, גרויע אויגען; ער האָט געקענט רעדען דייטש, און דאָס לעבען פון אָסטראָג איז איהם געווען בעקאַנט, אַזוי ווי זיינע פינף פינגער.

אונזער איינער האָט פיינט צו רעדען פון זיין פערגאַנ־גענעם לעבען; יעדער האָט זיך זיינע פריטשינעס, פאַר וואָס ער וויל ניט רעדען פון דעם, און דערפאַר האָבען מיר גע־גלויבט איינער דעם אַנדערען, ווייניגסטענס אויסערליך;

דען ווען מען זאָל זיך גוט אַריינקוקען אין אונזער הארץ, וואָס עס טהוט זיך אינווייניג ביי אונז, וואָלט מען געזעהען, אַז אפילו זיך אַליין גלויבען מיר זעהר שווערליך.

אונזער צווייטער חבר איז געווען אַ דאַרינקער קליין מענשעלע מיט דינע ליפּען, וועלכע זיינען ביי איהם געווען שטענדיג סקעפּטיש צונויפגעלעגט. ער האָט אונז געזאָגט, אַז ער איז אַ געוועזענער סטודענט פון מאָסקאָווער אוני-ווערזיטעט, און מיר האָבען עס געהאַלטען פאַר אַן אמת, מיר האָבען איהם געגלויבט.

אונז איז אייגענטליך געווען איינערליי, וואָס ער איז פריהער געווען, אַ סטודענט, אַ שפּיאָן אָדער אַ גנב; די הויפּטזאַכע איז געווען, אַז אין דער צייט, וואָס מיר האָבען זיך מיט איהם בעקענט, איז ער געווען אַ גלייכער פויגעל מיט אונז: האָט געהונגערט, אַזוי ווי מיר; די פּאָליציי אין די שטעט האָט שטאַרק נאָכגעקוקט נאָך איהם, ווי נאָך אונז; די מוזשיקעס אין די דערפער פלעגען קוקען אויף איהם, ווי אויף אַ פערדעכטיגען מענשען, אַזוי ווי אויף אונז; געהאַסט האָט ער ביידע, די פּאָליציי און די מוזשיקעס, מיט דעם האַס פון אַ שוואַכער, הונגעריגער חיה; און ער האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק, ווי אַזוי נקמה צו נעהמען פון דער גאַנצער וועלט. מיט איין וואָרט, אין יעדער הינזיכט, איז ער געווען פון „אונזערע."

„דאָס אונגליק איז דער בעסטער צעמענט, וועלכער בינט צוזאַמען גאַנץ פערשידענע מענשען, און מיר האָבען געמיינט, אַז מיר האָבען פאָלקאָמען רעכט צו הייסען אונגליקליכע.

דער דריטער בין איך געווען. איך בין זעהר אַ שעמע-דיגער און דערפאַר וועל איך גאָר ניט זאָגען פון מיינע מעלות, אָבער אויך מיינע חסרונות וועל איך פערשווייגען, איהר זאָלט מיך ניט האַלטען פאַר אַ נאַרעלע. נאָר עפּעס מוז מען דאָך זאָגען, חאָטש נאָר צוליב דעם, עס זאָל זיין אַביסעל מאַטעריאַל פאַר מיין כאַראַקטעריסטיק; נו, איך האָב זיך שטענדיג געהאַלטען פאַר אַ בעסערען מענשען פון אַלע אַנדערע, און נאָך ביז הייגט דענק איך אַזוי.

מיר זיינען זיך געגאַנגען אַלע דריי און האָבען נאָר געדיינקט, ווי בעגעגענט מען שוין גיכער די שאָף-פּאַסטוכער; ביי זיי קען מען שטענדיג בעטען אַ שטיקעל ברויט, און זעלטען זאָגען זיי אָב.

איך בין געגאַנגען אין איינעם מיט דעם סאָלדאַט; דער „סטודענט" איז געגאַנגען הינטער אונז. אויף זיינע פּלייצעס איז געהאַנגען עפּעס אַ מין רעקעל; אויף זיין שפּיציגען און גלאַט אָבגעשאָרענעם קאָפּ איז געווען אָנגעטהאָן אַ רעסטעל פון אַ ברייטעם קאַפּעלוש; אויף זיינע דינע פיס האָט ער געהאַט אַ פּאָר הויזען, פול מיט לאַטעס פון פערשידענע פאַרבען. שיך האָט קיינער פון אונז ניט געהאַט, נאָר דער „סטודענט" האָט געפונען אויף'ן וועג אַ גאָלענישצע פון אַ שטיוועל, פון דעם אונטערשלאַג פון זיין קאָסטיום האָט ער צונויפגעדרייט אַ שטריק, און האָט מיט איהם צוגעבונדען די גאָלענישצע צו די פּאָדאָשוועס פון זיינע פיס. ער האָט עס געבענשט מיט דעם נאָמען „סאַנדאַליען" און האָט געהענדיג געמאַכט אַ גרויסען שטויב מיט זיי. ער האָט ניט גערעט, איז זיך געגאַנגען שטיל הינטער אונז, נאָר זיינע קליינינצקע גרינע אויגען האָבען שטענדיג געגלענצט.

דער סאָלדאַט איז געווען אָנגעטהאָן אין אַ רויטע ציטענע העמד, וועלכע ער האָט, ווי ער האָט אונז געזאָגט, מיט זיינע „אייגענע הענד" ערוואָרבען אין כערסאָן; איבער דעם העמד האָט ער נאָך געהאַט אַ וואַרעמען זשילעט אויף וואַטע; דער קאָפּ איז געווען בעדעקט מיט אַ סאָלדאַטסקע היטעל, אָבער מען האָט בשום אופן ניט געקענט ערקענען, וואָס פאַר אַ פאַרב זי האָט געהאַט; אויף די פיס האָבען זיך געבאָלטעט ברייטע צומאַשקע שאַראָוואַרעס. ער איז געווען באָרוועס.

איך בין אויך געווען עהנליך אָנגעטהאָן און אויך באָרוועס.

אַרום אונז פון אַלע זייטען האָט זיך צואוואָרפען די גרויסע רוסישע סטעפּע; בעדעקט מיט דעם בלויען, הייסען, קלאָרען, זומערדיגען הימעל, איז זי געלעגען, ווי אַ גרויסע, שוואַרצע דעקע. דער גרויער, שטויביגער וועג האָט זיך דורכגעשניטען, אַזוי ווי פּונקט אין דערמיטען און האָט אונז געברענט די פיס. ערטערווייז פלעגען מיר טרעפען פלעצער, וואו דאָס ברויט איז שוין געווען אָבגעשניטען, עס האָבען נאָר אַרויסגעשטעקט שטעכעדיגע רעסטלעך, און עס איז געווען אַזוי עהנליך צו די באַקען פון דעם סאָלדאַט, וועלכע זיינען שוין לאַנג ניט געווען ראַזירט.

דער סאָלדאַט איז זיך געגאַנגען און האָט מיט אַ הייזעריגען באַס געזונגען עפּעס אַ נגון פון קלויסטער און נאָך

מיט די ווערטער, אַז ער האָט געדינט, איז ער געווען אַ דיאַטשאָק אין דעם קלױסטער פֿון זיין באַטאַליאָן און האָט געקענט אַ מאַסע נגונים מיט די ווערטער אויסווייניג; ווי אונזער געשפּרעך פֿלעגט זיך נאָר אָברייסען, פֿלעגט ער באַלד אָנהויבען זינגען.

פֿון דערווייטען האָבען זיך אָנגעהויבען בעוויזען אויף׳ן הימעל פֿערשידענע פֿיגורען מיט אַזעלכע שעהנע ניואַנסען פֿון פֿערשידענע פֿאַרבען, לילאָווע, ראָזאָווע...

„אָט דאָס זיינען אַפּנים די קרימער בערג," האָט הינטער אונז געזאָגט דער „סטודענט" מיט אַ טרוקענעם קול.

„בערג?" האָט זיך אָבגערופֿען דער סאָלדאַט, „צו פֿריה, ברודער, האָסטו זיי דערזעהען. וואָלקען זיינען דאָס... פּשוט׳ע וואָלקען, קוק זיך נאָר גוט צו, זעהסט, וועלכע וואָלקען, פּונקט אַזוי ווי אַ קובעל מיט מילך...

אָך, ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען די וואָלקען וואָלטען אין אמת׳ען געווען אַ קובעל! דער הונגער האָט זיך נאָך מעהר געלאָזט פֿיהלען.

„דער רוח זאָל עס וויסען, וואָס איז דאָס עפּעס היינט אַזוי," האָט זיך דער סאָלדאַט געבייזערט און אויסגעשפּיגען דערביי, „קיין לעבעדיגע נשמה בעגעגענט מען ניט! עס בלייבט אונז נאָר, אַזוי ווי די בערען ווינטער, זויגען די אייגענע לאַפּעס..."

„איך האָב באַלד געזאָגט, אַז מיר זאָלען בעסער געהען מיט אַזאַ וועג, וואו עס זיינען דאָ דערפֿער," האָט זיך אָבגערופֿען דער „סטודענט."

„דו האָסט געזאָגט!" האָט זיך אויפֿגערעגט דער סאָל-דאַט. „דערפֿאַר ביזטו דאָך אַ געלערענטער; ווער דען זאָל זאָגען, אַז ניט דו? וואו האָסטו דערפֿער? דער טייפֿעל ווייס זיי, וואו זיי זיינען!"

דער סטודענט האָט גאָר ניט געענטפֿערט.

די זון האָט זיך געזעצט, און די וואָלקען אויף׳ן הימעל האָבען געשפּילט מיט פֿערשידענע פֿאַרבען, אונמעגליך איבערצוגעבען מיט ווערטער; אין דער לופֿט האָט געשמעקט מיט ערד און זאַלץ.

אונזער אַפּעטיט האָט זיך נאָך מעהר פֿערגרעסערט פֿון דעם טרוקענעם און געשמאַקען גערוך.

אין אונזערע מאָגענס האָט עס גענאָגט. דאָס איז געווען

אַ זאָנדערבאַרער און זעהר אונאַנגענעהמער געפיהל: עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז פון אַלעביינער רינט אַרויס די זאַפט, זי וועבט זיך אויס, און די מוסקלען פערלירען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם דאָס לעבען. אין מויל און אין האַלז האָט זיך געפיהלט אַ שטעכעדיגע טרוקענהייט, דער קאָפּ האָט זיך געדרעהט, און פאַר די אויגען פלעגען אָהן אויפ-הער שווינדלען פינסטערע פלעקען, וועלכע פלעגען זיך אונז פאָרשטעלען אַלס הייסע שטיקער פלייש און גרויסע לאַבענס ברויט; און ניט נאָר מיט די אויגען פלעגען מיר זיי זעהען, מיר האָבען אויך געפיהלט דעם גערוך, און דאַן האָט עס אין מאָגען געשניטען, ווי מיט אַ מעסער.

מיר זיינען אַלץ געגאַנגען ווייטער און יעדער פון אונז האָט דעם אַנדערען בעשריבען, וואָס ער פיהלט, וואָס עס טהוט זיך ביי איהם אין מאָגען. מיר פלעגען אָבער אויך מיט אַלע אויגען זיך אַרומקוקען אין אַלע זייטען, טאָמער וועלען מיר ערגעץ דערזעהען אַ סטאַדע שאָף; מיר פלעגען זיך צוהערען, טאָמער וועט אַ סקריפּע טהאָן אַ וואָגען פון אַ טאָטער, וועלכער פיהרט אויף׳ן מאַרק פרוכטען.

עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפען. אויף׳ן פעלד איז געווען פוסט און שטיל.

ערב דעם שווערען טאָג האָבען מיר אַלע דריי אויפגע-געסען פיער פונט קאָרענברויט און פינף קאַווינעס; גע-גאַנגען זיינען מיר אָבער יענעם טאָג כמעט פערציג ווערסט, ווי איהר זעהט, איז דער ראַסכאָד געווען ניט נאָך׳ן פריכאָד. שלאָפען האָבען מיר זיך דאַן געלעגט אויף׳ן מאַרק, ביז דער הונגער האָט אונז אויפגעוועקט.

דער „סטודענט" האָט אונז דאַן אייגענטליך אַן עצה גע-געבען, מיר זאָלען זיך ניט לעגען שלאָפען... מיר זאָ-לען בעסער ביי נאַכט זיך בעשעפטיגען מיט..., נאָר אין אַ פיינער געזעלשאַפט פאַסט ניט צו רעדען פון פּראָיעקטען, ווי אַזוי מען זאָל מאַכען פרעמדע אייגענטהום פאַר אייגענס, דערפאַר וועל איך בעסער פערשווייגען; איך וויל נאָר דערצעהלען דעם ריינעם אמת, און עס איז גאָר ניט אין מיינע אינטערעסען צו זיין גראָב. איך ווייס, אַז די מענשען ווערען וואָס ווייטער אַלץ ווייכער אין אונזער ציוויליצירטע צייט, און אפילו ווען זיי כאַפּען דעם צווייטען ביים גאָר-געל, כדי איהם צו דערשטיקען, געבען זיי זיך די גרעסטע

מיה, עס צו טהאָן מיט דער מעגליכסטער פּיינקייט, ווי ווייט עס איז נאָר מעגליך ביי אַזאַ פּאַל.

די ערפאַהרונג פון מיין אייגענעם גאָרגעל צווינגט מיך צו זאָגען דעם אמת, אַז איך האָב בעמערקט דעם פּראָגרעס, און עס איז מיר אפילו העכסט אַנגענעהם צו פערזיכערען, אַז אַלעס אויף דער וועלט ענטוויקעלט זיך און ווערט פאָלקאָמענער. נאָך מעהר בעמערקט מען דיזע מערקווירדיגע פערבעסערונג דורך דעם, וואָס די צאָהל פון די אָסטראָגען, פון די שענקען און פון די פּרעהליכע הייזלעך ווערט יעדעס יאָהר גרעסער און גרעסער...

נאָר איך קעהר זיך אום צו מיין ערצעהלונג.

מיר זיינען געגאַנגען אַלץ ווייטער אין דעם וויסטען און שטילען פעלד, האָבען געשלונגען די הונגעריגע שפייאַכץ, און האָבען זיך אונטערהאַלטען, אַזוי ווי מיר וואָלטען וועלען דורך דעם איינשטילען אונזערע מאָגענס. די שטראַהלען פון דער אונטערגעהענדער זון זיינען שוין רויטלעך גע-וואָרען, און מיר האָבען אַלץ געהאַלטען אין איין געהען, עפּעס אַזוי ווי מיר וואָלטען האָפּען אויף עטוואָס. די זון האָט זיך שוין אַראָבגעלאָזט אין די ווייכע וואָלקען, וועלכע האָבען בעקומען אַזאַ שעהנע פאַרב פון איהרע שטראַהלען, און אונטער אונז און פון די זייטען האָט די אָנקומענדע בלוילעכע פינסטערניס, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבען פון'ם פעלד צום הימעל, אַלץ מעהר פערשמעלערט אונזער האָריזאָנט.

„נו, חברה, קלייבט מאַטעריאַל פאַר אַ פייער," האָט זיך אָבגערופען דער סאָלדאַט און האָט דערביי אויפגעהויבען אַ שטיק האָלץ. „מירמוזען דאָ נעכטיגען, אין דער סטעפע; אַלזאָ קלייבט, קיזעק, שפענדלעך, יעדעס שטיקעלע וועט צו נוטץ קומען!"

מיר זיינען אַראָב פון וועג און האָבען אָנגעהויבען זאַמ-לען טרוקענעם בוריאַן, אַלעס, וואָס קען נאָר ברענען. יעדעס מאָל, וואָס מען האָט זיך געדאַרפט איינבויגען צו דער ערד, האָט דעם גאַנצען לייב דורכדרונגען דער הייסעסטער וואונש, פאַלען אויף איהר, ליגען, ניט ריהרענדיג זיך און עסען זי, אָט די ערד, די שוואַרצע, די פעטע, עסען אַסך, אַסך, אַזוי פיל, אַז עס זאָל קיין כח ניט זיין אויפצושטעהען, און דאַן ענטשלאָפען ווערען, חאָטש אויף

עוויג איינשלאָפען, אַבי עסען, קייען און פיהלען, ווי דאָס וואַרעמע און געדיכטע, וואָס דו קייסט, לאָזט זיך אַראָב פון׳ם מויל דורך דעם פערטריקענטען קאַנאַל אין דעם הונגעריגען צוזאַמענגעדריקטען מאָגען, וועלכער ברענט, ווי אַ פייער, אוים לוסט עפעס אַריינצונעהמען אין זיך.

„חאָטש וואָס פאַר ניט איז וואורצלען, ווען מיר זאָלען דאָ געפינען,“ האָט אַ זיפץ געטהאָן דער סאָלדאַט. „עס זיינען דאָ אַזעלכע עסבאַרע וואורצלען...“

אָבער אין דער שוואַרצער געאַקערטער ערד זיינען ניט געווען קיין וואורצלען... קוים איז דער לעצטער זונען-שטראַהל פערלאָשען געוואָרען, האָבען שוין אויף׳ן דונקעל-בלויען הימעל אָנגעהויבען צו גלענצען שטערען און אַרום אונז איז די נאַכט געוואָרען דיכטער, די אונענדליכע סטעפע שמעלער און שמעלער.

„חברה,“ האָט זיך מיט אַמאָל אָבגערופען דער „סטודענט“ שטיל, „דאָרט לינקס ליגט אַ מענש.“

„אַ מענש?“ האָט געזאָגט דער סאָלדאַט מיט אַ צווייפעל, „וואָס האָט ער דאָרט צו ליגען?“

„געה און פרעג איהם. ער האָט אוודאי ברוים, אַז ער האָט זיך אַזוי פונאַנדערגעלעגט אין דער סטעפע...“ האָט ערקלעהרט דער „סטודענט.“

דער סאָלדאַט האָט אַ קוק געטהאָן אין יענער זייט, וואו דער מענש איז געלעגען, האָט אַן ענטשלאָסענעם שפיי געטהאָן און געזאָגט: „לאָמיר געהען צו איהם“.

נאָר אַזעלכע גרינגע און שאַרפע אויגען, ווי ביים „סטודענט,“ זיינען אימשטאַנדע געווען צו דערקענען, אַז דער הויפען, וואָס איז געלעגען 50 קלאַפטער לינקס פון דעם וועג, איז אַ מענש. מיר האָבען זיך געלאָזט געהען צו איהם איבער אַ געאַקערט שטיק פעלד, און האָבען גע- פיהלט, אַז די האָפנונג, צו בעקומען עפעס עסען, האָט פיל פערגרעסערט די קרעמפפען פון הונגער. מיר זיינען שוין געווען גאָר נאָהענט,—דער מענש האָט זיך ניט גערי‏הרט.

אפשר איז דאָס גאָר ניט קיין מענש...“ האָט דער סאָלדאַט אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, וועלכען מיר האָבען אייגענטליך אַלע געהאַט.

נאָר אין דעמזעלבען אויגענבליק האָבען מיר זיך איבער- צייגט, אַז דער „סטודענט“ האָט קיין טעות ניט געהאַט. דער

הויפּען האָט זיך אָנגעהויבען ריהרען, איז אויסגעוואַקסען אין מיר האָבען דערזעהען, אַז עס איז אַן אמת׳ער לעבע-דיגער מענש, וועלכער איז געשטאַנען אויף די קניע און האָט געהאַלטען איין האַנד אויסגעשטרעקט צו אונז.

מיט אַ ציטערענדער שטימע האָט ער געשריען צו אונז:

„טרעט ניט צו, איך וועל שיסען!"

אין אין דעמזעלבען מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

מיר זיינען מיט אַמאָל געבליבען שטעהען, ווי איינגע-גראָבענע, איבערראַשט פון אַזאַ אויפנאַהמע.

„אָט דאָס הייסט נידערטרעכטיג!" האָט געבורטשעט דער סאָלדאַט.

„יאָ," האָט געזאָגט דער „סטודענט" פאַרטראַכטערהייט, „מיט אַ רעוואָלווער געהט ער... אַ געלערענטער פויגעל."

דער סאָלדאַט האָט אין דער צייט נאָכגעדענקט און, ווי עס שיינט, האָט ער עטוואָס בעשלאָסען.

„עי!" האָט ער אַ געשריי געטהאָן צום מענשען.

נאָר יענער איז געבליבען שטעהען אין דערזעלבער פּאָזיציאָן און האָט געשוויגען.

„הער נאָר! מיר וועלען דיר גאָר ניט טהאָן... גיב אונז נאָר ברויט, דו האָסט דאָך, מן הסתם? גיב, ברודער, אין קריסטי נאָמען!... אַה, צו אַל די רוחות זאָלסטו געהען!"

די לעצטע ווערטער האָט ער געזאָגט אַזוי שטיל, אַז יענער האָט זיי ניט געקענט הערען.

ער האָט אָבער ווייטער געשוויגען.

„די הערסט, וואָס מען רעט צו דיר?" האָט ווייטער אָנגעהויבען דער סאָלדאַט, ציטערענדיג פאַר בייזקייט און פערצווייפלונג, „גיב אונז ברויט! מיר וועלען אפילו ניט צוגעהען צו דיר... וואַרף אונז צו אַהער..."

„גוט..." האָט ענדליך קורץ געזאָגט דער מענש.

ווען ער וואָלט אונז געזאָגט: „טייערע ברידער מיינע," און וואָלט אַריינגעלעגט אין די דריי ווערטער אַלע הייליגסטע און ריינסטע געפיהלען, וואָלטען זיי ניט געמאַכט אויף אונז אַזאַ איינדרוק, ווי דאָס איינציגע קליין ווערטעלע: „גוט!"

„האָב קיין מורא ניט פאַר אונז," האָט געענטפערט דער סאָלדאַט שוין מיט אַ ווייכערער שטימע און מיט אַ זיסען שמייכעל אויף׳ן פנים, האָטש יענער האָט סיי ווי סיי ניט געקענט זעהען זיין שמייכעל, ווייל ער איז געווען ווייניגסטענס

צוואַנציג שריט ווייט פֿון אונז.

„מיר זיינען רוהיגע, שטילע מענשען... מיר גערען פֿון ראָססיאַ אין קובאַן... אויף׳ן וועג איז אונז קורץ געוואָרען אין געלד, וואָס מיר האָבען געהאַט אויף זיך, איז שוין אַלעס אויפֿגעגעסען... און יעצט גערן מיר שוין דעם צווייטען מעת לעת ניט עסענדיג.״

„האַלט!״ האָט זיך יענער אָבגערופֿען, און האָט אַ דריי געטהאָן מיט דער האַנד אין דער לופֿט. אַ שוואַרצער שטיק האָט זיך בעוויזען און איז געפֿאַלען ניט ווייט פֿון אונז אויף׳ן געאַקערטען פֿעלד. דער „סטודענט״ האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן נאָך איהם.

„האַלט! נאָך! נאָך!... מעהר איז ניטאָ...״

אַז דער „סטודענט״ האָט צונויפֿגעקליבען דיזע אָריגינעלע נדבה, האָבען מיר דערזעהען, אַז מיר האָבען אונגעפֿעהר פֿיער פֿונט האַרטען ווייץ-ברויט. ער איז געווען פֿול מיט ערד און שרעקליך האַרט. נאָר וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָט עס געהאַט? אומגעקעהרט, מיר האָבען גערעכענט פֿאַר אַ גרויסע מעלה, וואָס ער איז אַזוי האַרט געווען; האַרט ברויט איז זעטיגער, עס האָט ניט אַזוי פֿיל פֿליסיגקייט אין זיך. דער סאָלדאַט האָט אָנגעהויבען טהיילען די שטיקער.

„דאָס דיר... דאָס דיר... דאָס מיר. וואַרט, וואַרט... ניט גלייך! ביי דיר, תלמיד חכם, דאַרף מען אָברייסען אַ שטי-קעל, ווייל ער האָט ווייניגער...״

דער סטודענט האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט און האָט זיך נעבעך אונטערוואָרפֿען דעם בעשלוס פֿון סאָלדאַט, וואָבײ ער האָט פֿערלוירען אַ שטיק ברויט, ווענינגסטענס פֿון פֿינף זאָלאָטניק; דעם שטיק האָב איך בעקומען און האָב איהם באַלד אַריינגעשטופט אין מויל און אָנגעהויבען קייען.

מיט וואָס פֿאַר אַ פֿערגעניגען האָב איך געטהאָן די אַרבייט, טראָץ דעם וואָס יעדעס מאָל פֿלעגט אונטער די ציין אַ קריץ טהאָן אַ שטיינדעלע. איך האָב געקייעט לאַנג-זאַם, לאַנגזאַם, און מיט גרויסען פֿערגניגען האָב איך געפֿיהלט, ווי דער עסקאַנאַל אויט אַריינצוציהען אין זיך אַלעס, אָבער איך האָב זיך ניט געאיילט און האָב איהם צופֿרידענגעשטעלט לאַנגזאַם. די וואַרעמע און אונבעשרייבליך געשמאַקע טראָפּען האָבען געקאַפּעט איינס נאָך דעם

אַנדערען אין דעם ברענענדען מאָגען, און מיר האָט אויס-געוויזען, אַז אין דעמזעלבען מאָמענט פּערוואַנדלען זיי זיך אין בלוט און מאַרך. אַ מין שמחה, אַ זאָנדערבאַרע, אַ שטילע, אַ מחיה׳דיגע שמחה האָט געוואַרעמט דאָס הערץ אין דער צייט, וואָס דער מאָגען האָט זיך אָנגעפּילט, עפּעס בין איך געווען אַזוי ווי אין האַלבען שלאָף. איך האָב פּערגעסען אָן די פּערפּלוכטע טעג פֿון כראָנישעם הונגער, פּערגעסען אָן מיינע חברים, איך בין אין גאַנצען געווען פּערטיפֿט אין דעם ענטציקענדען געפּיהל, וועלכען איך האָב יעצט איבערגעלעבט.

אָבער, ווען איך האָב אַריין געוואָרפֿען אין מויל די לעצטע ברעקלעך ברויט, דאַן האָב איך ערשט דערפּיהלט, אַז איך בין... טויט הונגעריג.

„ער האָט נאָך אוודאי חזיר-שמאַלץ אָדער פֿלייש,״ האָט געבורטשעט דער סאָלדאַט, זיצענדיג אויף דער ערד געגען מיר, און גלעטענדיג דעם בויך מיט די הענד.

„זיכער האָט ער; דאָס ברויט האָט געהאַט אַ גערוך פֿון פֿלייש... היינט ברויט איז ביי איהם זיכער געבליבען...״ האָט געזאָגט דער סטודענט, און דאַן האָט ער נאָך שטיל צוגעזעצט: „ווען ניט דער רעוואָלווער...״

„ווער איז ער אַזוינס?״

„אַ הונד,״ האָט בעשטימט געזאָגט דער סאָלדאַט.

מיר זיינען געזעסען אַלע איינג צוזאַמען און האָבען שיעף געקוקט אויף יענער זייט, וואו אונזער וואָהלטעטער איז געזעסען מיט דעם רעוואָלווער. פֿון דאָרט האָט זיך ניט געלאָזט הערען קיין שום צייכען פֿון לעבען.

די נאַכט האָט געזאַמעלט ארום אונז איהרע פֿינסטערע קרעפֿטע. אין דער סטעפּע איז געווען טויט-שטיל, נאָר צו וויילען פֿלעגט זיך הערען דאָס מעלאַנכאָלישע פֿייפֿען פֿון אַ פֿעלד-מויז... די שטערען, די לעבעדיגע בלומען פֿון׳ם הימעל, האָבען געגלענצט איבער אונז, און מיר... האָבען געוואָלט עסען, מיר זיינען געווען הונגריג.

איך זאָג דעם אמת און זאָג עס מיט שטאָלץ, אַז אין דיזער זאָנדערבאַרער נאַכט בין איך געווען ניט בעסער און ניט ערגער פֿון מיינע צופֿעליגע חברים. איך האָב זיי פֿאָר-געלייגט, מיר זאָלען אויפֿשטעהען און געהען צו דעם מענשען, טהאָן דאַרפֿען מיר איהם גאָר ניט, נאָר אויפֿעסען

אַלעס, וואָס מיר וועלען ביי איהם געפינען. ער וועט שיסען — זאָל ער שיכּור! פון דרייען וועט ער דאָך נאָך איינעם טרעפען, אויב ער וועט נאָך טרעפען, און עס איז נאָך אַ פראַגע, אויב די קוגעל פון אַ רעוואָלווער קען הרג'ענען אויף טויט.

„געהען מיר!" האָט אויסגעשריען דער סאָלדאַט און איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט.

דער „סטודענט" האָט זיך אויפגעהויבען לאַנגזאַמער.

טיר, צוויי, האָבען זיך געלאָזט געהען אויף גיך, כמעט ווי לויפען. דער סטודענט האָט זיך געהאַלטען הינטער אונז.

„חבר!" האָט דער סאָלדאַט אַ געשריי געטהאָן, און אין זיין שטימע האָט זיך געהערט, ווי אַ פאָרוואורף.

דער מענש האָט וואהרשיינליך געזעהען, אַז מיר נעהערען זיך צו איהם, דען באַלד האָט אַ בליץ געטהאָן אַ פייערעל און מיר האָבען דערהערט דעם שאָס.

„ניט געטראָפען!" האָט פרייליך אויסגעשריען דער סאָלדאַט. מיט איין שפרונג איז ער געוועזן נעבען יענעם.

„נו, טייפעל, וואַרט, יעצט, וועסטו שוין בעקומען דיין חלק..."

דער „סטודענט" האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער טאָרבע.

אין דער מינוט אָבער איז דער טייפעל געפאַלען אויף'ן רוקען, האָט צושפרייט די הענד און אָנגעהויבען צו כליפען.

„וואָס איז דאָס אַזוינס?" האָט זיך געוואונדערט דער סאָלדאַט, וועלכער האָט שוין אויפגעהויבען דעם פוס, אום יענעם אַ זעץ צו געבען. „זאָל עס מעגליך זיין, אַז ער האָט אויף זיך...? עי, רעד, וואָס איז מיט דיר? האָסט זיך דער-שאָסען, האַ?

אין דערזעלבער צייט האָט זיך געלאָזט הערען די שטימע פון'ם „סטודענט," וועלכער האָט געזאָגט מיט גרויס שמחה: „פלייש איז דאָ, און נאָך פלעצלעך, און ברויט... אַך, אַסך, ברידער."

„נו, כאַפּט דיך דער רוח, אַז דו ווילסט ניט ריידען, געה אין דער ערד, פגר דאָ, ווי אַ הונד," האָט געשריען דער סאָלדאַט. לאָמיר זיך נעהמען צום עסען, פריינדע."

איך האָב אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון יענעמס האַנד, עס איז מעהר ניט געבליבען ווי איין פאַטראָן. — ער האָט שוין אויפגעהערט צו כריפען און איז יעצט געלעגען ווי אַ טויטער.

מיר האָבען אַלֹאָ ווייטער געגעסען און אַלע האָבען געשוויגען. יענער איז אויך געלעגען שטיל און האָט ניט געריהרט מיט קיין גליד. מיר האָבען שוין גאָר ניט געדיינקט וועגען איהם, ער איז אונז גאָר ניט אָנגעגאַנגען.

פּלוצלונג האָבען מיר דערהערט אַ הייזעריגע, ציטערענדע שטימע:

„זאָל איך עס גלויבען, ברידער, אַז איהר מהוט דאָס אַלעס נאָר וועגען דעם שטיקעל ברויט?"

אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען דורך דעם גאַנצען קערפּער. דער „סטודענט" האָט זיך זאָגאַר אַ רוק געטהאָן פון'ם אָרט, האָט זיך איינגעבויגען צו דער ערד און זיך פערהוסט.

דער סאָלדאַט האָט דערקייעט דאָס שטיקעל, וואָס ער האָט געהאַט אין מויל און האָט אָנגעהויבען צו שיטען מיט קללות:

„אַך דו, הינדישע נשמה, דו, צוזעצט זאָלסטו ווערען! וואָס איז דיר? וואָס האָסט דו מורא? די פּעל וועלען מיר פון דיר אַראָב ציהען? אייף וועלכע כפּרות דאַרפען מיר זי? דו פּאַסקידניאַק, וואָס דו ביסט! זעה נאָר, זעה! האָט זיך אַ רעוואָלווער אין שיסט אויף מענשען! מיט ניט גוטע זאָלסט דו נאָר האָבען צו טהאָן!..."

ער האָט געשאָלטען און געגעסען דערביי, און דערפאַר האָבען די קללות אָנגעיואווירען זייערע גאַנצע קראַפט.

„וואַרט נאָר, וואַרט, אָט וועלען מיר אָבעסען, וועלען מיר זיך שוין צורעכענען מיט דיר," האָט דער „סטודענט" צוגע-זאָגט מיט אַזאַ שטימע, אין וועלכער עס האָט זיך ניט געהערט קיין גוטעס.

דער מענש האָט אָנגעהויבען צו שלוכצען און צו וויינען, און אין דער נעבעטליבער שטילע איז עפּעס אַ מורא אָנגע-פאַלען אויף אונז.

„ברידער... איך האָב דען געוואוסט? איך האָב געשאָסען... ווייל איך האָב מורא, איך געה פון דעם נייען אַפאָן*)... אין סמאָלענסקי גובערני... אוי, רבונו של עולם! דאָס קדחת האָט מיך אויסגעמוטשעט... ווי די זון געהט נאָר אונטער, בין איך אויס מענש! פון דעם אַפאָן בין איך אויך אַוועק איבער דאָס קדחת... איך האָב דאָרט געאַר-

*) אַ באַרג אין קאַווקאַז, וואו עס געפינט זיך אַ גרויסער מאָנאַסטיר מיט פיל מאָנאַכען.

בייט... איך בין אַ טישלער... אין דערהיים האָב איך אַ ווייב... צוויי מיידלעך... שוין דריי יאָהר, דאָס פּיערטע האָב איך זיי ניט געזעהען... עסט, ברידער, עסט אַלעס..."

"דאָס דאַרפסט דו אונז ניט בעטען, מיר וועלען שוין אויפּעסען, זיי רוהיג," האָט זיך אָבגערופען דער "סטודענט."

"אוי, רבנו של עולם! ווען איך זאָל געווען וויסען, אַז איהר זייט פּרידליכע, גוטע מענשען... וואָלט איך דען געשאָסען? אָבער דאָ, איהר ווייסט דאָך אַליין, ברידער, אַ סטעפּע, ביי נאַכט... בין איך דען שולדיג? האַ?

ער האָט גערעט און געוויינט, אָדער ריכטיגער געזאָגט, ער האָט געוואָיעט און דערביי געציטערט.

"קוק איהם נאָר אָן, וואָס האָט ער זיך צו וואָיעט! אַלע בייזע הלמות צו דיין קאָפּ!" האָט געזאָגט דער סאָלדאַט מיט פּעראַכטונג.

"ער מוז געלד האָבען ביי זיך," האָט בעמערקט דער "סטודענט."

דער סאָלדאַט האָט צוגעמאַכט איין אויג, האָט אויף איהם אַ קוק געגעבען און האָט געשמייכעלט.

"דו ביסט גאָר ניט קיין נאַר, האָסט שכל... אָט וואָס, ברידער, איך וועל אייך זאָגען, לאָמיר אָנצינדען דעם קאָסטיאָר און לעגען זיך שלאָפען."

"און ער?" האָט געפּרעגט דער "סטודענט."

"כאַפּט איהם דער רוח! וואָס געהט ער אונז אָן? בראָטען וועלען מיר איהם, וואָס?"

"עס וואָלט ניט שלעכט געווען," האָט דער סטודענט אַ שאָקעל געטהאָן מיט זיין שפּיציגען קאָפּ.

מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען נאָך דעם אַלעס, וואָס מיר האָבען שוין געהאַט צונויפגעקליבען ווענען דעם קאָסטיאָר, האָבען עס אַלעס געבראַכט, און טאַקע באַלד האָט שוין דאָס פּייער געברענט און מיר זיינען געזעסען אַרום איהם.

די נאַכט איז געווען שטיל, קיין ווינטעל האָט זיך ניט גערירט, דאָס פּייער האָט געברענט רוהיג און האָט אונז בעלייכט דעם קליינעם פּלאַץ, וועלכען מיר האָבען פּערנומען. עס האָט אונז אָנגעהויבען צו שלעפערן, חאָטש מיר וואָלטען געקענט זעהר גוט נאָך אַמאָל עסען וועטשערע.

"ברידער!" האָט צו אונז אַ געשריי געטהאָן דער טישלער, ער איז געלעגען ניט ווייטער ווי דריי שריט פון אונז,

און מיר האָט זיך שטענדיג אויסגעוויזען, אַז ער בורטשעט עפּעס.

„יאָ, וואָס איז?“ האָט געפּרעגט דער סאָלדאַט.

„איך קען זיך צורוקען צו אייך?... צום פייער? אוי, דער טויט, דער טויט קומט... דער מלאך המות שטעהט שוין מיט זיין מעסער איבער מיר... אוי די ביינער ברעכען מיר... אוי, רבנו דעלמא כלא, איך וועל שוין הפנים אהיים ניט דערגעהן.“

„קריך אַהער,“ האָט איהם ערלויבט דער „סטודענט.“

דער טיטלער האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַם, אַזוי ווי ער וואָלט מורא האָבען צו פערלירען אַ האַנד אָדער אַ פוס, צורוקען זיך צום פייער. דאָס איז געווען אַ הויכער און שרעקליך אָבגעמאָגערטער מענש; אַלעס, וואָס איז געווען אויף איהם, האָט זיך נאָכגעשלעפּט; און זיינע גרויסע טריבע אויגען האָט מען געקענט לייענען זיין שמערץ. זיין פּנים איז געווען ווי פערקרימט און אפילו ביים פייער האָט ער געהאַט אַ שרעקליך בלייכע פאַרב, ווי אַ טויטער. ער האָט געציטערט מיט אַלע גלידער און האָט נאָר געקענט אַרויס-רופען אַ פערעבטליכען רחמנות צו זיך. ער האָט אַרויסגע-שטעקט זיינע לאַנגע, מאָגערע הענד צום פייער, האָט געריבען די פינגער, אויף וועלכע עס איז שוין גאָר קיין פלייש ניט געווען, היילע ביינער. סוף כל סוף איז עקעל געוואָרען צו קוקען אויף איהם.

„די ביסט דאָך גאָר אויף קיין מענשען ניט ענהליך, ווי לאָזט מען עס זיך אַזוי אין וועג, און נאָך צו פוס? אַזוי קאַרג ביסטו?“ האָט דער סאָלדאַט געפּרעגט.

„אַזוי האָט מען מיר אַן עצה געגעבען... פאָהר ניט מיט דעם וואַסער, האָט מען מיר געזאָגט, געה דורך דער קרים, דאָרט איז די לופט גוט. איך קען אָבער ניט געהן... אוי, איך שטאַרב, ברידער! איינער אַליין אין דער סטעפּע... די ווילדע פייגעל וועלען מיך פּיקען, אויפעסען מיין קערפּער, קיינער וועט אפילו ניט וויסען... מיין ווייב, די טעכטער וועלען וואַרטען, איך האָב זיי געשריבען... און איך וועל דאָ ליגען, און דער רעגען וועט וואַשען מיינע ביינער... אוי, רבונו של עולם, זיסער טאַטע אין הימעל!“

ער האָט ווידער אָנגעהויבען צו וואָיען ווי אַ פערוואונ-דעטער וואָלף.

„אַך, דו טײַפֿעל," האָט זיך צובײזערט דער סאָלדאַט און איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון'ם פּלאַטץ. „וואָס וואָיעסטו, וואָס שרײַסטו? וואָס לאָזטו ניט מענשען אין רוה? דו פּגר'סט, נו פּגר, אָבער שווייג... ווער דאַרף דיך? שווייג!"

„גיב איהם אײנס איבער'ן קאָפּ, אָבער אַזוי אַ רעכטס," האָט פֿאָרגעלעגט דער „סטודענט."

„נו, לאָמיר געהען שלאָפֿען," האָב איך זיך אָבגערופֿען, „און דו, אויב דו ווילסט זיצען בײַם פֿייער, זאָלסטו ניט וואָיען..."

„האָסטו שוין געהערט?" האָט געזאָגט דער סאָלדאַט בייז, „געדענק זשע, דו מײנסט אפשר, אַז מיר וועלען רחמנות האָבען אויף דיר, וועלען דאָ מיט דיר פֿיעל צו טהאָן האָבען דערפֿאַר, וואָס דו האָסט אויף אונז געוואָרפֿען ברויט און קוגלען? דו באַבע, וואָס דו ביזט! אַנדערע וואָלטען... פֿוי..."

דער סאָלדאַט איז אַנשווייגען געוואָרען און האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד.

דער סטודענט איז שוין געלעגען. איך האָב מיך אויך געלעגט. דעם טישלער האָבען דעם סאָלדאַטס ווערטער אַזוי אײנגעשראָקען, אַז ער האָט זיך צונויפֿגעדרייט אין אַ קנויל, האָט זיך צוגערוקט צום פֿייער און האָט שווייגענדיג געקוקט אויף איהם. איך בין געלעגען רעכטס פֿון איהם און האָב געהערט, ווי זײנע ציין האָבען געקלאַפּט. דער „סטודענט" איז געלעגען לינקס, האָט זיך אויך מאָדנע פֿערדרעהט און איז, דוכט זיך באַלד אײנגעשלאָפֿען. דער סאָלדאַט האָט אונטערגעלעגט די הענט אונטערען קאָפּ, איז געלעגען מיט'ן פּנים אַרויף און האָט געקוקט אויף'ן הימעל.

„אַך, וואָס פֿאַר אַ שעהנע נאַכט! וונפֿיל שטערען..." האָט ער זיך געווענדעט צו מיר נאָך אַ קורצע צייט.

„וואָס פֿאַר אַ הימעל, אַזוי ווי אַ קאָלדרע האָט ער זיך אויסגעשפּרייט איבער אונז! עס איז פּשוט אַ מחיה, אָט אַזוי צו ליגען און צו קוקען אויף איהם! איך האָב ליב אַזאַ זין לעבען, אַ וואַגאַבונדישען לעבען. עס איז טאַקע קאַלט, מען הונגערט צו אַביסעל, אָבער פֿרײַ איז מען דערפֿאַר. האָסט ניט קיין נאַטשאַלסטוואָ איבער דיר, קיינע בעלי הבתים... ביזט זיך אַליין אַ בעל הבית איבער דיין לעבען...

חאָטש דעם קאָפּ בייס זיך אָב, קיינער קען דיר קיין וואָרט ניט זאָגען... אַך, גוט אַזוי... אָט די לעצטע טעג האָב איך זיך גענוג אָנגעהונגערט, עס זיינען געווען מאָמענטע, וואָס איך האָב געשאָלטען די גאַנצע וועלט, בייז געווען אויף אַלעמען... אָבער יעצט ליג איך מיר און קוק מיר אויף׳ן הימעל... די שטערען ווינקען צו מיר... אַזוי ווי זיי וואָלטען מיר זאָגען: נישקשה, לאַקוטין, זיי אַ מענש, געה זיך דיר איבער דער גאַנצער ערד, און גיב זיך ניט אונטער קיינעם... יאָ... אַך ווי גוט עס איז אויף׳ן האַרצען... נו, און דו, העד, ווי רופט מען דיך, דו, טישלער! זיי ניט בייז אויף מיר און האָב קיין מורא ניט. וואָס מיר האָבען אויפגעגעסען דיין ברויט, דאָס מאַכט ניט; דו האָסט געהאַט ברויט און מיר ניט, דערפאַר האָבען מיר געגעסען דיינס. אָבער דו ביזט דאָך עפּעס פּשוט אַ ווילדער מענש, ווי שיסט מען עס טאַקע אויף מענשען... דו פערשטעהסט דען ניט, אַז מיט דער פוליע (קוגעל) קען מען דעם מענשען אַ גרייסען שאַדען אָנמאַכען? איך בין שרעקליך געווען בייז אויף דיר, און ווען דו וואָלסט דאַן ניט געווען פאַלען, וואָלסטו שוין געהאַט אַ שוואַרצען סוף. איך וואָלט דיר שוין אָנגעבראָכען די ביינער. אָבער וועגען דאָס ברויט לוינט זיך גאָר ניט צו רעדען, מאָרגען וועסטו דערגעהען ביז פּערעקאָפּ, און דאָרט וועסטו דיר קויפען — געלד האָסטו דאָך... איך וויים... שוין לאַנג האָסטו דאָס קדחות?״

נאָך לאַנג האָט געקלונגען אין מיינע אויערען דער באַס פון׳ם סאָלדאַט און די ציטערענדע שטימע פון׳ם קראַנקען טישלער.

די פינסטערע, כמעט שוואַרצע נאַכט האָט זיך אַלץ נידריגער און נידריגער אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד, און אַ פרישע, זאַפטיגע לופט האָט דורכגעדרונגען די גאַנצע ברוסט.

דאָס פייער האָט נאָך געברענט און האָט געגעבען ליכט און וואַרעמקייט... די אויגען האָבען זיך אָנגעהויבען צו קלייבען, און אַזוי ווי עפּעס בערוהיגענדעסאון רייניגענדעס האָט זיך געטראָגען דורך׳ן שלאָף. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„שטעה אויף, גיכער! עס איז שוין צייט צו געהען!״ מיט שרעקען האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און געעפּי

די אויגען. דער סאָלדאַט האָט מיר אַשלעפּ געטהאָן ביי דער האַנד, און איך בין באַלד געשטאַנען אויף די פיס.

„נו, גיכער, גיכער, שטעל שוין פּיס!"

זיין געזיכט איז געווען אויפגערעגט און בייז. איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען. די זון האָט אָנגעהויבען אויפצוגעהען און איהר רויטליכער שטראַהל איז שוין געלעגען אויף דעם אינבעהעגטען און בלויען פנים פון׳ם טישלער. זיין מויל איז געווען אָפּפען, די אויגען אַרויסגעקראָכען פון זייער פלאַטץ און האָבען געקוקט מיט אַ בליק, אין וועלכען עס האָט זיך אויסגעדרוקט אַ שרעקליכער פּחד, די קליידער אַרום דער ברוסט זיינע, געווען צוריסען, און אַליין איז ער געלעגען אין אַן אונגעוועהנליכער, צערבראָכענער, ניט מענשליכער פּאָזיציאָן.

דער „סטודענט" איז ניט געווען.

„נו, וואָס האָסטו זיך דאָ פערקוקט! קום, זאָג איך דיר," האָט דער סאָלדאַט געזאָגט שטרענג און האָט מיך אָנגעהויבען שלעפען ביי דער האַנד.

„געשטאָרבען?" האָב איך געפרעגט, ציטערענדיג פון דער קאַלטער פרישקייט.

„וואָס דען! מען זאָל דיך דערשטיקען, וועסטו אויך שטאַרבען," האָט ערקלעהרט דער סאָלדאַט.

„דאָס האָט איהם... דער סטודענט?" האָב איך אויסגעשריען.

„ווער דען? אפשר דו? אָדער גאָר איך? אָט האָסטו דיר אַ געלערנטען... פיין אָבגעטהאָן... אַליין געמאַכט אַ עבירה און די חברים איינגעשטעלט אַ פּיסעל... ווען איך ווייס עס, וואָלט איך דאָך נאָך נעכטען דער׳הרג׳עט דעם סטודענט. מיט איינמאָל וואָלט ער געוואָרען ביי מיר אַ כפּרה, אַ טראַך (זעטץ) אין די שלייפען... און מיט איין פאָדלעץ ווייניגער אויף דער וועלט. דו באַרעכען גאָר, וואָס ער האָט דאָ געטהאָן! האַ! פערשטעהסט? דעם טישלער וועט מען דאָך היינט געפינען; מען וועט דאָך באַלד דערזעהן, דערשטיקט און בערויבט. אָט וועט מען זיך באַלד אָנהויבען צוצוקוקען צו אונזער איינעם... ווער ביסטו, פון וואַנען געהסטו, וואו האָסטו גענעכטיגט! נו, פערשטעהסט זיך, אַז אונז וועט מען אויך נעהמען... האָטש מיר האָבען גאָר ניט ביי זיך... אָבער זיין רעוואָלווער איז ביי מיר, איך האָב איהם דאָ פערשטעקט אין בוזעם!"

„וואַרף עס אַוועק," האָב איך אַן עצה געגעבען דעם סאָלדאַט.

„אַוועקוואַרפען?" האָט ער געזאָגט פערקלעהרטערהייט... „עס איז אָבער זעהר אַ טהייערע זאַך... און טאָמער כאַפּט מען אונז ניט... ניין, איך וועל איהם ניט אַוועקוואַרפען... ווער ווייס עס, אַז דער טישלער האָט געהאַט אַ רעוואָלווער? ניין, איך וואַרף עס ניט אַוועק... ער קאָסט אוודאי דריי רובעל... אַ קוגעל ליגט נאָך אין איהם. אַך, מיט וואָס פאַר אַ פערגניגען וואָלט איך אַט דיזעלבע קוגעל אַריינגעלאָזט אונזער טייערען חבר אין אויער! וויפיעל געלד האָט ער בערויבט, דער הונד, האַ?"

„אָט האָכטו דיר די מיידלעך!" האָב איך געזאָגט.

„מיידלעך? וואָס פאַר אַ מיידלעך? אַך, יאָ, זיינע, דעם טישלערס... נו, זיי וועלען זיך אויסוואַקסען, וועלען חתונה האָבען זיכער ניט מיט אונז, פון זיי איז ניטאָ וואָס צו רעדען... נו, לאָמיר נאָר געהען אַביסעל גיכער... וואוהין זאָלען מיר געהען?"

„איך ווייס ניט... וואוהין עס ניט איז, ניט אַלעס איינס?"

„איך ווייס אויך ניט, מיר איז אויך אַלעס איינס. לאָמיר געהען רעכטס, דאָרט דאַרף זיין דער ים".

מיר האָבען זיך גענומען רעכטס.

איך האָב זיך אומגעדרעהט. ווייט פון אונז אין דער סטעפּע האָט זיך קוים געזעהען דער פלאַטץ... און אויף איהם האָט געשיינט די זון.

„דו קוקסט, אויב ער איז ניט אויפגעשטאַנען תחית המתים! שרעק זיך ניט, ער וועט ניט אויפשטעהען אונז נאָכצואיאָגען. דער געלערענטער, ווי עס שיינט, איז א מענש מיט שכל, ער האָט שוין גוט אָבגעגעבהאָן די זאַך. אָט האָסטו דיר אַ חבר! אַ שעהנעם שפּיטצעל אונז אָבגעטהאָן! אַך, וואָס ווייטער ווערען די מענשען אַלץ ערגער און ערגער!" האָט דער סאָלדאַט צוגעזעצט טרויריג.

די שטילע און ווייטע סטעפּע, בעגאָסען מיט דעם העלען ליכט פון דער מאָרגען-זון, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום אונז, און דאָרט אויבען אויף'ן האָריזאָנט איז זי זיך צוזאַמענגעגאַנגען מיט דעם הימעל. די זון האָט געשיקט איהר ליכט אַזוי ליעב, אַזוי רייך, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז קיין עולות קענען גאָר ניט פאָרקומען אויף דעם גרויסען ברייטען פלאַטץ פון דער פרייער סטעפּע.

„עסען ווילט זיך, ברודער!" האָט מיט אַמאָל געזאָגט דער סאָלדאַט, צונויפּדרייענדיג אין דערזועלבער-צייט אַ פּאַפּיראָס פון מאַכאָרקע.

„וואָס וועלען מיר היינט עסען, וואו און ווי אַזוי?"

„תיקו, עס בלייבט אַ קשיא!"

---

מיט דעם האָט דער ערצעהלער, וועלכער איז געווען מיין שכן אין האָספּיטאל (אונזערע בעטלעך זיינען געשטאַנען איינע נעבען דער אַנדערע), געענדיגט זיין געשיכטע.

„אָט דאָס איז אַלעס," האָט ער נאָך צוגעזעצט. „איך האָב מיך זעהר בעפריינדעט מיט דעם סאָלדאַט און בין אין איינעם מיט איהם געגאַנגען ביז קאַרסקאַ אָבלאַסט. ער איז געווען אַ גוטער ברודער און אַן ערפאַהרענער מענש, אַ טיפּ פון אַ בראָדיאַגאַ-באָסיאַק. איך האָב אפילו געהאַט דרך ארץ פאַר איהם. ביז קליין-אַזיען זיינען מיר געגאַנגען צוזאַמען, דאָרט האָבען מיר פערלוירען איינער דעם אַנ-דערען..."

„איהר דערמאָהנט זיך, ווען ניט איז פון'ם טישלער? האָב איך געפרעגט.

„ווי איהר זעהט אָדער ווי איהר האָט געהערט..."

„נו, און וואָס...? גאָר גיט...?"

ער האָט אָנגעהויבען צו לאַכען.

„וואָס זאָל איך דען פיהלען דערביי? איך בין ניט שולדיג אין דעם, וואָס מיט איהם האָט זיך געטראָפען, אַזוי ווי איהר זייט ניט שולדיג, וואָס מיט מיר האָט זיך געטראָפען. קיינער איז ניט שולדיג אין גאָר ניט, דען אין גרונד גענומען, זיינען מיר אַלע שטיקער פיה.



— ע נ ד ע —



# זעקס־און צוואנציג און איינע.

(איבערזעצט פון „גד".)



זעקס־און צוואנציג אונזערע זיינען מיר דארטען געווען; — זעקס-און צוואנציג לעבעדיגע מאשינעס אין א פייכטען, אונטער-אירדישען קעלער, וואו פון פריהמארגען ביז אין דער נאכט האבען מיר געקנעטען טייג און געפלאכטען בייגעל. געגענאיבער דעם נידעריגען, אונטעראירדישען פענכטער פון אונזער קעלער איז געווען א ציגעלדיגער פלאטץ, גרין און שימלדיג פון נאסקייט. דער פענסטער איז געווען בעשיצט פון אויסען מיט א געדיכטע אייזערנע רעשאטקע און פאר די ליכטיגקייט פון דער זון איז געווען כמעט אונמעגליך זיך דורכצודרינגען דורך די שייבען, וועלכע זיינען געווען בעדעקט מיט'ן שטויב פון מעהל.

אונזער מייסטער האט פערשטעלט דעם פענסטער מיט גראטעס, כדי מיר זאלען ניט קענען דורכדערלאנגען זיינע א שטיקעל ברויט צו די פערבייגעהענדע בעטלערס אדער אונזערע חברים, וועלכע זיינען געוועזען אויסער ארבייט און הונגעריג. אונז האט ער גערופען מאשעניקעס און געקארמעט מיט האלב-פערפוילטע פאטראכעס פאר מיטאג אנשטאט פלייש. עס איז אונז געווען שטיקענד איינג, וויענדיג פערשפארט אין דיזען שטיינערנעם, אונטער-אירדישען קאמער, אונטער דער נידריגער, שווערער, שווארץ-פעררויכערטער און מיט שפינוועבס בעדעקטער סטעליע. טרויעריג און אבעקע-לענד איז געווען אונזער לעבען, צווישען די דיקע, שמוציגע און פערשימעלטע וואנד.

ניט ערפרישט און זיך פיהלענדיג ניט אויסגעשלאפען, פלעגען מיר אויפשטעהען פינף א זייגער אין דער פריה; און נאך בעפאר זעקס זיינען מיר שוין מיד און אפאהטעטיש, געזעסען אויף אונזערע פלעצער ביי'ן טיש, וועלגערענדיג דאס טייג, וואס אונזערע חברים האבען צוגעגרייט, ווען מיר זיינען נאך געשלאפען. דעם גאנצען טאג פון צעהן מארגענס ביז צעהן אבענדס זיינען מאנכע פון אונז געזעסען

ביי'ן טיש, אַרבייטענדיג מיט דעם נאָכגעביגען שטאָף, וועלגערענדיג און פּלעכטענדיג, עס זאָל ניט האַרט ווערען. וועהרענד די איבריגע האָבען געקנעטען דעם פּוכקען טייג, דעם גאַנצען טאָג האָט דער זידענדער קעסעל, וואו די בייגעל האָבען זיך געקאָכט, געזונגען נידעריג און טרויעריג; און דעם בעקערס לאָפּעטע האָט זיך הייזעריג געשאַרט איבער'ן דעק פון אויווען, אַריינוואַרפענדיג די גליטשיגע שטיקלעך טייג פון זודיגען קעסעל אויף די הייסע ציגעל.

פון דער פריה ביז ביי נאַכט האָט האָלץ זיך געברענט אין אויווען, און דער רויטער שיין פון פייער האָט געפונקעלט און אַרומגעטאַנצט אויף די ווענד פון דער בעקעריי, אַזוי ווי עס וואָלט אין דער שטיל חוזק געמאַכט פון אונז. דער גיגאַנטישער אויווען האָט אויסגעזעהען, ווי דער אונגע-לומפּעטער קאָפּ פון אַ מאָנסטער אין אַ צויבערגעשיכטע; ער האָט זיך אַזוי ווי דורכגעריסען דורך דער פאָדלאָגע, האָט אויפגעעפענט זיין פיסק, פול מיט גליהענדען פייער און האָט געבלאָזען אויף אונז מיט זיין הייסען אָטהעם; עס האָט אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט אַכטונג געגעבען מיט זיינע שוואַרצע לופטערהען אויף אונזער אונענדליכער אַרבייט. דיזע צוויי טיפע לעכער האָבען אויסגעזעהען, ווי אויגען — די קאַלטע אונערבאַרעמדיגע אויגען פון אַ מאָנסטער. זיי האָבען געהאַלטען אין איין קוקען אויף אונז מיט דעמזעלבען דונקלען גלאַנץ, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען איבערדריסיג, זעהענדיג פאַר זיך אַזעלכע אייביגע שקלאַפען, פון וועלכע מען קען גאָר ניט ערוואַרטען עטוואָס מענשליכעס און האָבען זיי דערום פעראַכטעט מיט אַ קאַלטען פילאָזאָפישען שפּאָט.

אין דעם שטויב פון מעהל, אין די בלאָטע, וואָס מיר האָבען אַריינגעבראַכט פון הויף אויף אונזערע שיך, אין די הייסע, קלעפּעדיגע אַטמאָספערע, טאָג איין טאָג אויס, האָבען מיר געפּלאָכטען פון דעם טייג בייגעל, וועלכע מיר האָבען בענעצט מיט אונזער שוויס. מיר האָבען פיינט געהאַט אונזער אַרבייט מיט אַ גליהענדען האַס; מיר האָבען קיינמאָל ניט געגעגעסען, וואָס עס איז דורכגע-גאַנגען אונזערע הענד און האָבען בעסער פאָרגעצויגען שוואַרצען ברויט, איידער די בייגעל. זיצענדיג פנים צו

פנים, ביי אַ לאַנגען טיש — ניין גענעגאַיבער ניין — האָבען מיר מעכאַניש בעוועגט מיט אונזערע הענד און פינגער פאַר אונענדליכע לאַנגע שטונדען, ביז מיר זיינען אַזוי געוואוינט געוואָרען צו אונזער לאַנגווייליגער, מאָנאָ־טאָנער אַרבייט, דאָס עס האָט אונז שוין גאָר ניט געקימערט.

מיר האָבען זיך אַזוי גוט דורכשטודירט איינער דעם אַנדערען, דאָס מיר האָבען געקענט יעדען קנייטש אויף אונזער חבר׳ס פנים. עס האָט אונז אויך ניט לאַנג גענומען, ביז מיר זיינען געבליבען אָהן אַן ענין איבער וואָס צו ריידען; און דעריבער האָבען מיר פאַרבראַכט די מעהרסטע צייט אין שטילשווייגען, אויסער ווען מיר האָבען געשפּאַסט איינער איבער׳ן אַנדערען. ניט אימער אָבער קען מען געפינען מיט וואָס חוזק צו מאַכען פון אַנדערען, בעזאָנדערס ווען מען איז יענעם׳ס חבר. מיר האָבען זיך אויך ניט אָבגעגעבען מיט זוכען חסרונות איינער אויף׳ן אַנדערען; ווי אַזוי האָט ווירקליך איינער פון אונז אָרעמע טייוואָלים גאָר געקענט זיין אימשטאַנדע צו זוכען פעהלערען ביי יענעם, ווען מיר זיינען האַלב־טויט און אַזוי ווי פערשטיינערט געוועזען? די שווערע, גראָבע אַרבייט האָט געשיינט צו ערשטיקען אין אונז אַלע געפיהלען. אָבער דאָס שטיל־שווייגען איז נאָר שוידערליך און שרעקליך פאַר די, וואָס האָבען שוין אַלעס אַרומגערעדט און האָבען מעהר ניט וואָס צו דערצעהלען איינער דעם אַנדערען; פערקעהרט אָבער, פאַר די, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין פערבינדונג צווישען זיך, איז עס גאַנץ גרינג און איינפאַך.

מאַנכעס מאָל האָבען מיר אויך געזונגען; ווי אַזוי מיר פלעגען אָנפאַנגען צו זינגען, איז צוגעגאַנגען אויף אַזאַ אופן: איינער פון אונז פלעגט געבען אין מיטען דער אַרבייט אַ טיפען זיפץ, אַזוי ווי אַן איבערגעהאָרעוועטער פערד, און דאַן פלעגען מיר אָנפאַנגען צו זינגען איינע פון די לידער, וועמעס איידעלע איינפליסענדע מעלאָדיע שיינט צו פער־גרינגערען די לאַסט פון דעם זינגערס ברוסט.

צוערשט האָט איינער געזונגען אַליין און מיר, די איבריגע, זיינען געזעסען שטילשווייגענד, צוהערענדיג זיך צו זיין איינזאַמען ליד, וועלכעס אונטער דער שווערער געוועלבטער סטעליע פון אונזער קעלער איז לאַנגזאַם, שטופענווייז אָב־געשטאָרבען און האָט זיך געהאַלטען ביי׳ן אויסלעשען, אַזוי

ווי אַ קליינער פייערעל אין דער סטעפּע אין אַ נאַסע הערבסט נאַכט, ווען דער גרויער הימעל הענגט ווי אַ שווערע מאַסע איבער דער ערד. דאַן פלעגט נאָך איינער צושטעהען צום זינגער און צוויי ווייבע, טרויעריגע שטימען פלעגען זיך צוזאַמענגיסען אין איין געזאַנג און אונזער איינגען דומפּפען קעלער. פּלוצלונג פלעגען זיך אַנדערע אָנשליסען און דאָס ליד האָט זיך געקייקעלט פאָרווערטס ווי אַ כוואַליע, האָט געוואַקסען העכער און געשטיגען שטאַרקער, ביז עס האָט זיך אויסגעדוכט, דאָס די פייכטע, שמוציגע ווענד פון אונזער איינגער תפיסה האָבען זיך פונאַנדערגערוקט און געעפענט. דאַן האָבען אונזערע אַלע זעקס און צוואַנציג געזונגען; אונזער הויכער, האַרמאָנישער געזאַנג האָט אָנגעפילט דעם קעלער, אונזערע שטימען האָבען זיך געטראָגען אין אַלע ריכטונגען און האָבען זיך אַזוי ווי אָנגעשלאָגען אָן די ווענד אין קלאַגענדע שלוכצען און זיפצען, בעריהרענדיג אונזערע הערצער מיט אַ ווייכען, טאַנטאַלישען* שמערץ, אויפרייסענדיג אלטע וואונדען און אַרויסרופענדיג אַ בייגקעניש.

די זינגער האָבען געזיפצט טיעף און שווער; אויף אַ וויילע פלעגט איינער בלייבען שטיל און זיך צוהערען צו דעם געזאַנג פון די איבריגע און ווידער אַמאָל האָט זיין שטימע זיך לאָזען טראָגען מיט דעם געמיינשאַפטליכען שטראָם. אַן אַנדערער פלעגט מיט אַן אונטעדרדריקטען קול אויסרופען „אַה!‟ און צוזאַמענציהען די אויגען, אַזוי ווי די שטאַרקע כוואַליעס פון געזאַנג וואָלטען איהם אין דער ווייטען אָנגעצייגען אַ ברייטען, מיט זונען-שטראַהלען בעלייכטעטען וועג, וואו ער אַליין און זיינע געדאַנקען האָטג עוואַנדערט.

דער פייער אין אונגעהייערען אויווען האָט געפלאַקערט, דער בעקער מיט זיין שופעל האָט אונאויפהערליך געשאַרט מיט'ן שופעל איבער'ן דעק פון אויווען, די וואַסער

---

*) טאַנטאַליש שטאַמט פון טאַנטאַלוס, אַ מיטהאָלאָגישע פערזענליכקייט פון די אַלטע גריכען, וועלכען די געטער האָבען פעראורטהיילט צום אייביגען הונגער. זיינע ליידען זיינען נאָך פערשטאַרקערט געוואָרען, ווייל אַרום זיך האָט ער געזעהען די בעסטע שפייזען און געטרענקע, אָבער ער האָט ניט געקענט צוקומען צו זיי.

דער איבערזעצער.

אין קעסעל האָט געזשומט און דער שיין פֿון פֿייער אויף׳ן וואַנד האָט אַרומגעטאַנצט אין זיין שטילען געשפּעט אַזוי ווי פֿריהער. און אָט אַזוי פֿלעגען מיר מיט פֿרעמדע ווערטער אַרויסזינגען אונזער שטומען שמערץ, די איבערדריסיגע לאַסט פֿון לעבעדיגע מענשען בערויבט פֿון זונען-שיין, בעלאַדענע שקלאַפֿען.

אַזוי האָבען מיר געלעבט, מיר אַלע זעקס און צוואַנציג אין דעם סקליעפּען-עהנליכען קעלער פֿון אַ גרויסער שטיינערנער געביידע, און מיר האָבען געליטען יעדער איינער פֿון אונז, אַזוי ווי מיר וואָלטען געהאַט צו טראָגען אויף אונזערע פּלייצעס אַלע דריי עטאַזשען פֿון דיזען הויז.

אויסער די לידער האָבען מיר געהאַט נאָך אַ גוטע זאַך — עטוואָס, וואָס מיר האָבען געליבט, וואָס האָט פֿילייכט פֿערנומען דעם פּלאַטץ פֿון אונזער גערויבטען זונען-שיין.

אין דעם צווייטען שטאָק פֿון דיזען הויז האָט זיך געפֿונען אַ גאָלד-שטיקעריי לאָדען, און דאָרטען, צווישען די איבריגע אַרבייטס-מיידלעך, איז געווען ט אַ נ י אַ, אַ דינסט-מיידעל פֿון אַ יאָהר זעכצעהן.

יעדען פֿריהמאָרגען פֿלעגט איהר קליינער ראָזאָווער פּנים׳ל מיט לעבעדיגע בלויע אייגלעך ערשיינען דורך אַ שייבעל אין דער גלעזערנער טהיר און מיט איהר קלינגענדען צאַרטען קול׳כעל פֿלעגט זי אונז צורופֿען:

„נו טורמעניקעס! האָט איהר עפּעס בייגעל פֿאַר מיר!“

דערהערענדיג דיזען גוטבעקאַנטען קול צו אונז, פֿלעגען מיר זיך אַלע אומקעהרען און מיט אַן אינערליכער פֿריידע האָבען מיר בעטראַכט איהר ריינעם אונשולדיגען מיידלישען געזיכט, וועלכער האָט אַזוי זיס געשמייכעלט צו אונז. מיר זיינען אַזוי געוואוינט געוואָרען צו דיזען בילד מיט׳ן צוגעדריקטען נעזעל אָן שויב און די ווייסע ציינדלעך צווישען די האַלב-געעפֿענטע ליפּען, דאָס עס איז געוואָרען אונזער טעגליכער פֿערגניגען. פֿאַלענדיג איינער איבער׳ן אַנדערען, פֿלעגען מיר זיך אַ לאָז טהאָן איהר עפֿענען די טהיר און זי פֿלעגט אַריינקומען, לוסטיג און לעבעדיג, מיט אַן אויסגעשפּרייטען פֿאַרטוך, פֿערוואָרפֿען דעם קעפּעל אויף אַ זייט און מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען. איהרע געדיכטע, לאַנגע קאַסטאַניען-האָר זיינען אַריבער געפֿאַלען איבער איהרע פּלייצעס און איבער דער ברוסט. און מיר שמוציגע,

העסליכע פערזעהעניסען, וואָס מיר זיינען געוועזען, האָבען אַרויסגעקוקט צו איהר — דער שוועל פון מהיר איז געוועזען מיט פיער טרעפלעך העכער פון דער פאָדלאָגע — מיט פערריסענע קעפ, מיר האָבען איהר געוואונשען אַ גוטען מאָרגען און גערעט צו איהר מיט בעזאָנדערע ווערטער, וועלכע מיר האָבען געהאַלטען אָנגעגרייט בלויז פאַר איהר אַליין. אונזערע שטימען פלעגען ווערען ווייכער און אונזערע וויצען איידעלער, ווען מיר האָבען גערעט צו איהר. פאַר איהר איז אַלעס ביי אונז געוועזען גאַנץ אַנדערש. דער בעקער האָט אַרויסגענומען פון אויווען אַ שופעל מיט די בעסטע און ברוינסטע בייגעל און האָט עס געשיקט אַריינגעוואָרפען אין טאַניאַ׳ס פאַרטוך.

„געה אַוועק איצט און זיי פאָרזיכטיג, דער בעל הבית זאָל דיר ניט כאַפּען!" האָבען מיר איהר יעדעס מאָל געוואָרענט. זי האָט שעלמיש געלאַכט און האָט אונז לוסטיג צוגערופען: „האָט אייך אַ גוטען טאָג, אָרעמע טורמעניקעס!" און איז זיך אַרויסגעגליטשעט אַזוי געשווינד ווי אַ מייזעל.

דאָס איז געוועזען אַלעס... אָבער אַ לאַנגע צייט נאָך איהר אַוועקגעהען, האָבען מיר נאָך אַלס איינער צום אַנדערען גערעט פון איהר מיט פערגניגען. אימער איז זי געוועזען דיזעלבע; נעכטען אַזוי ווי אייערנעכטען, ווייל אַלעס אַרום אונז, און אויך מיר אַליין אַזוי גוט ווי זי, זיינען געבליבען דיזעלבע, יעדען טאָג דיזעלבע.

עס איז שמערצליך און טרויעריג פאַר איינעם צו לעבען, ווען אַלעס אַרום איהם בלייבט אונפערענדערט; און אויב די זעעלע ווערט ניט געטויטעט אין גאַנצען, ווערט אָבער די איינזאַמקייט, וואָס ווייטער אַלס שמערצפאָלער. אונזערע געוועהנליכע געשפרעכע וועגען פרויען פלעגט געפיהרט ווערען אין אַזאַ שפּראַך, דאָס מאַנכע מאָל פלעגט אונז אַליין ווערען עקעלהאַפט, צו הערען אונזערע גראָבע, אונפערשעהמטע רייד. די פרויען, וועלכע מיר האָבען געקענט, האָבען פיללייכט ניט פערדינט קיין בעסערס, אָבער וועגען טאַניאַ האָבען מיר קיינמאָל קיין שלעכטעס וואָרט ניט גערעט; קיינער פון אונז האָט אפילו ניט געוואַגט איהר אָנצוריהרען מיט אַ האַנד, זאָגאַר אַ פרייען שפּאַס האָט זי קיינמאָל ניט פון אונז געהערט. מעגליך, אַז דאָס איז געוועזען, ווייל מיר זיינען קיינמאָל ניט געוועזען מיט איהר לאַנג צוזאַמען;

זי האָט נאָר אַ שיין געטהאָן פֿאַר אונזערע אויגען, ווי אַ פֿאַלענדער שטערען און איז באַלד פֿערשוואונדען געוואָרען; פֿיליכט איז דאָס געווען, ווייל זי איז געווען אַזוי קליין, אַזוי שעהן און אַלעס וואָס איז שעהן רופֿט אַרויס אַ רעס-פּעקט, אפילו ביי גראָבע יונגען. און אויסערדעם — ווי אונזער שקלאַפֿישע אַרבייט זאָל אונז ניט האָבען פֿערגרעבט און פֿערטהיערט, זיינען מיר דאָך נאָך אַלס געבליבען מענשען, און אַזוי ווי אַלע מענשען, האָבען מיר ניט גע-קענט לעבען, אָהנע עטוואָס צו פֿערעהרען. קיין בעסערע פֿון איהר האָבען מיר ניט געהאַט, און קיינער פֿון דעם גאַנצען הויז אויסער איהר, האָט זיך אויף אונז אין אונזער קעלער ניט אומגעקוקט — אונגעאַכטעט וואָס דאָרטען האָבען זיך געפֿונען צעהנדליגער מענשען. דאַן איז עס אויך מעגליך, אַז דאָס איז געווען — וואַהרשיינליך איז דאָס געווען די הויפּט אורזאַכע — ווייל מיר האָבען איהר גע-האַלטען פֿאַר עטוואָס, וואָס איז אונזער אייגענעס, עטוואָס, וואָס עקזיסטירט נאָר צוליב אונזערע בייגעל. מיר האָבען זיך פֿערפֿליכטעט, נאָך דער רייהע, איהר צו בעזאָרגען מיט פֿרישע, הייסע בייגעל און עס איז ביי אונז געוואָרען אַ מעגליכע עבודה, צו ברייננגען אַ קרבן צו אונזער אָבגאָט; עס איז ביי אונז געוואָרען אַ הייליגע צערעמאָניע, צו וועלכע מיר האָבען זיך געפֿיהלט יעדען טאָג אַלס מעהר צוגעבונדען. אויסער די בייגעל האָבען מיר טאַניאַ׳ן אויך געגעבען אַ מאַסע עצה׳ס, מיר האָבען איהר געראַטהען צו טראָגען וואַרעמערע קליידער, ניט צו לויפֿען אויף די טרעפּ צו געשווינד און ניט צו שלעפּען קיין שווערע בינטלעך האָלץ. זי האָט אַלע אונזערע עצה׳ס אויסגעהערט מיט אַ שמייכעל, האָט געענטפֿערט מיט אַ געלעכטער און קיינמאָל אונז ניט געפֿאָלגט, אָבער מיר האָבען זיך ניט געפֿונען בעליידיגט; מיר האָבען איהר נאָר געוואָלט אַרויסצייגען, ווי וועיט מיר זאָרגען זיך וועגען איהר.

זי האָט זיך אָפֿטמאָל צו אונז געווענדעט מיט פֿערשידענע ביטעס. זי האָט אונז צ.ב.ש. געבעטען עפֿענען די שווערע קעלער-טהיר, צוהאַקען אַביסעל האָלץ, וועלכעס מיר האָבען מיט דער גרעסטער צופֿרידענהייט, זאָגאַר מיט אַ געוויסען שטאָלץ געטהאָן פֿאַר איהר און אַנדערע זאַכען, וואָס זי האָט פֿון אונז פֿערלאַנגט.

אָבער, ווען איינער פֿון אונז האָט איהר אַמאָל געבעטען, זי זאָל איהם פֿערריכטען זיין איינציגע העמד, האָט זי איהם געענטפֿערט מיט אַ פֿערעכטליכען שמייכעל:

„וואָס נאָך! אַ שעהנער איינפֿאַל!"

מיר האָבען געמאַכט דאָס גרעסטען געלעכטער פֿון דעם זאָנדערבאַרען מענשען, וועמען אַזעלכעס האָט געקענט איינפֿאַלען אויף די געדאַנקען און פֿון דאַן אָן האָט קיינער פֿון אונז איהר מעהר קיין זאַך ניט געבעטען. מיר האָבען איהר געליבט — דערמיט איז אַלעס געזאָגט. דער מענש האָט אימער דעם וואונש אָנצוהייגען זיין ליבע אויף יע־מאַנדען, אונגעאַכטעט׳ וואָס מאַנכע מאָל בעלעסטיגט ער און בעפֿלעקט יענעם דערמיט; ער קען פֿערגיפֿטען מיט זיין ־ליבע דעם צווייטענס לעבען, ווייל ער ליבט אָהנע צו אַכטען דעם וואָס ער ליבט. מיר האָבען געמוזט ליבען טאַניאַ׳ן, ווייל מיר האָבען ניט געהאַט קיין אַנדערע וועמען צו ליבען.

צייטענווייז פֿלעגט איינער פֿון אונז אָנפֿאַנגען נאָכצו־דיינקען און זיך פֿרעגען:

„וואָס מאַכען מיר דאָ פֿאַר אַ ווען־שדען מיט דיזער מיי־דעל? וואָס איז דאָרט דאָ אַזוינס אין איהר? וואָס גיבען מיר זיך דאָ אַזוי פֿיל אָב מיט איהר? האַ?

דער יעניגער, וואָס איז זיך אונטערשטאַנען אַזעלכעס אַרויסריידען, האָט געכאַפּט אַ קורצען און אַ שאַרפֿען אָב שניט. מיר האָבען געמוזט האָבען וועמען צו ליבען; מיר האָבען געפֿונען טאַניאַ׳ן און מיר האָבען איהר געליבט, און וואָס מיר אַלע זעקס און צוואַנציג האָבען געליבט, האָט געמוזט זיין הייליג פֿאַר אַלעמען און דער, וואָס האָט ניט געהאַלטען מיט אונז, איז געווען אונזער שונא. מעג־ליך, אַז דאָס וואָס מיר האָבען געליבט, איז גאָר ניט געווען אַזוי גוט, אָבער מיר זיינען געווען זעקס און צוואַנ־ציג אונזערע און מיר האָבען געוואָלט, אַז דאָס וואָס מיר פֿערעהרען, זאָל זיין ביי אַלעמען הייליג.

אונזער ליבע איז ניט קיין גרינגערע לאַסט ווי אונזער האַס און מעגליך, דאָס צוליב דעם, בעהויפטען מאַנכע שטאָלצע זעעלען, דאָס אונזער האַס שמייכעלט זיי מעהר ווי אונזער ליבע. אָבער וואַרום ענטלויפֿען זיי ניט פֿון אונז, אויב עס איז אַזוי?

אויסער אונזער אַבטהיילונג, וואו מיר האָבען געאַרבייט, האָט אונזער בעל הבית אויך געהאַט אַ ברויט-בעקעריי; עס איז געווען אין דעמזעלבען הויז און איז געווען אָבגע-צאַמט פֿון אונזער גרוב, די בייגעל-בעקעריי, ניט מעהר ווי מיט אַ וועגטעל; אָבער די ברויט-בעקערס — 4 זייערע זיינען זיי געווען — האָבען זיך געהאַלטען פֿון ווייטען פֿון אונז, אַנערקענענדיג זייער אַרבייט פֿאַר אַן עדעלערע ווי אונזערע, האָבען זיי אויך זיך אַליין געהאַלטען פֿאַר בעע-סערע מענשען ווי מיר; זיי זיינען קיינמאָל ניט אַריינגעקומען צו אונז און האָבען זאָגאַר פֿון אונז אָבגעלאַכט, ווען זיי האָבען אונז בעגעגענט אויפ'ן הויף; אויך מיר זיינען צו זיי ניט געגאַנגען, ווייל דער בעל הבית האָט עס אונז פֿערבאָטען, דען ער האָט מורא געהאַט מיר זאָלען ניט גנב'ענען אַ ברויטעל; מיר האָבען די ברויט-בעקער ניט האָלט געהאַט, ווייל מיר האָבען זיי מקנא געווען; זייער אַרבייט איז געווען אַ לייכטערע ווי אונזערע, זיי האָבען געקראָגען אַ בעסערען געהאַלט און בעסערע עסענס; זיי האָבען געהאַט אַ ליכטיגען גראַמען צימער צו דער אַרבייט און זיינען געווען ציכטיג און געזונט — און דאָס איז גענוג געווען, מיר זאָלען זיי פֿיינט האָבען, מיר אַלע האָבען אויסגעזעהען גרוי און געל; דריי פֿון אונז האָבען געהאַט די סיפֿיליס, אייניגע אַנדערע האָבען געליטען פֿון הויט-קראַנקהייט און איינער איז געווען אַ פֿאָלשטענדיגער קריפּעל פֿון רעמאַטעס. אין אַ יום טוב טאָג אָדער אין אַזוי אַ פֿרייער צייט זיינען זיי געגאַנגען אויסגעפּוצט אין קורצע שבת'דיגע רעקלעך און סקריפּעדיגע שטיוועל, צוויי פֿון זיי האָבען אויך געהאַט האַרמאָניקאַס און זיי פֿלעגען אַרומגעהען שפּאַצירען אין די שטאָט-גאָרטענס, — מיר האָבען געטראָגען שמוציגע, צוריסענע בגדים און אַלטע לעדערנע קלומפּעס אָדער לאַפּטיעס אויף די פֿיס, די פּאָ-ליציי וואָלט אונז אפילו ניט אַריינגעלאָזט אין אַ גאָרטען —ווי האָבען מיר זיי שוין געקענט ליב האָבען?

אין אַ שעהנעם טאָג האָבען מיר ערפֿאַהרען, דאָס דער הויפּט-בעקער האָט זיך אָנגע'שכור'ט, דער בעל הבית האָט איהם ענטזאַגט און האָט אָנגענומען אַן אַנדערען און דיזער איז געווען אַ סאָלדאַט, ער האָט געטראָגען אַ סאַטינענע

קאַמזעלקע און אַ זייגער מיט אַ גאָלדענע קייטעל. מיר זיינען געווען נייגעריג אָנצוקוקען אַזאַ פּראַנט, און מיט דער האָפנונג צו כאַפּען אַ בליק אויף איהם, האָבען מיר גע- האַלטען איינער נאָך׳ן אַנדערען אין אַרויסלויפען אַלע ווײלע אין הויף.

ער איז אָבער אַליין געקומען צו אונז. ער האָט אַ בריק געטהאָן מיט׳ן פּוס און די טהיר האָט זיך געעפענט. ער האָט איהר געלאָזען ברייט אָפענגעשפּאַנט און שטעהענדיג אויף׳ן שוועל, האָט ער אונז מיט אַ שמייכעל צוגערופען:

„גאָט העלף אייך! גוט מאָרגען אייך, קאַמעראַדען!״

די אייז-קאַלטע לופט, וועלכע האָט אַריינגעשטראָמט דורך דער אָפענער טהיר, האָט זיך פערוואַנדעלט אין פּאַרע און האָט זיך געדרעהט אַרום זיינע פיס. ער איז געשטאַנען אויף׳ן שוועל, האָט אונז בעטראַכט פון אויבען ביז אַראָב און פון אונטער זיינע העלע, פערדרעהטע וואָנסען האָבען זיך אַרויסגעזעהען זיינע גרויסע געלבליכע ציינער. זיין וועסטעל איז ווירקליך געווען אַן אויסערגעוועהנליכע, מיט בלויע בלומען און בליטציגע רויטע קליינע קנעפּלעך, איבער וועלכע עס איז געווען אַריבערגעוואָרפען די זייגער- קייטעל.

ער איז געווען אַ שעהנער יונג, דיזער סאָלדאַט; הויך, קרעפטיג, מיט רויטע באַקען און זיינע גרויסע קלאָהרע אויגען האָבען געהאַט אַ פריינדליכען און לוסטיגען גלאַנץ. אויף׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ ווייסע געקראָכמעלטע היטעל און פון אונטער זיין ווייס-קלאָהרען, ריינעם פאַרטוך האָבען אַרויסגעקוקט די שמאָלע, מאָדעדיגע שפּיצען פון זיינע גוט אָבגעפּוצטע קאַמאַשען.

אונזער בעקער האָט איהם אין אַ העפליכען טאָן געבע- טען, ער זאָל פערמאַכען די טהיר, וועלכעס ער האָט, אָהנע זיך צו איילען געטהאָן, דאַן האָט ער אונז אָנגעפאַנגען פונאַנדערצופרעגען וועגען אונזער בעל הבית. ריידענדיג אַלע מיט אַמאָל, האָבען מיר איהם דערצעהלט, דאָס אונזער מייסטער איז איינער פון די גרעסטע אונמענשען, אַ מאַ- שעניק, אַ הויט-שינדער און אַ שקלאַפען-טרייבער; מיט איין וואָרט, מיר האָבען געזאָגט אַלעס, וואָס קען און מוז געזאָגט ווערען וועגען אַ מייסטער, אָבער וואָס קען דאָ

ניט אַרויסגעזאָגט ווערען. דער סאָלדאַט האָט אַלעס אויס-געהערט, האָט געדרעהט די וואָנסעס און האָט אויף אונז געקוקט מיט אַ פֿריינדליכען, אָפֿענהערציגען בליק.

„האָט איהר ניט דאָ אַסך מיידלעך?" האָט ער פּלוצלינג אַ פֿרעג געטהאָן.

מאַנכע פֿון אונז האָבען געלאַכט מיט אָבשיי, אַנדערע האָבען אָנגענומען אַן ערנסטען אויסדרוק און איינער פֿון אונז האָט דעם סאָלדאַט ערצעהלט, אַז דאָ געפֿינען זיך אין גאַנצען ניין שטיק.

„און איהר בענוצט זיך דאָך מסתמא מיט דער געלע-גענהייט?" האָט דער סאָלדאַט געפֿרעגט, ווינקענדיג מיט די אויגען.

מיר האָבען געלאַכט, אָבער ניט הויך, אַזוי ווי אין פֿער-לעגענהייט. אַנדערע פֿון אונז וואָלטען אפילו געוואָלט זיך בעריהמען פֿאַר'ן סאָלדאַט, אַז זיי זיינען גאַנצע קנעפּלעך מיט די מיידלעך, קיינער האָט עס אָבער ניט געקענט; איינער פֿון אונז האָט זיך זאָגאַר האַלב מודה געווען, זאָגענדיג: „אַזעלכע זאַכען זיינען ניט פֿאַר אונז..."

„נו יאָ, איך גלויב אייך אַזוי, אַז עס איז ניט פֿאַר אייך..." האָט דער סאָלדאַט צוגעגעבען מיט איבערצייגונג, בע-טראַכטענדיג אונז נאָך אַמאָל פֿון קאָפּ ביז צו פֿיס. „עפּעס פֿעהלט אין אייך. איהר קוקט ניט אויס ווי עס בעדאַרפֿט צו זיין. איהר האָט דאָך גאָר קיין פּנים און אויסזעהען ניט; די ווייבער, פֿערשטעהט איהר מיך, זיי האָבען האָלט צו זעהען אַ שעהנעם און דרייסטען אויסזעהן, זיי ווילען האָבען אַ קערפּער, וואָס זאָל עפּעס זיין אָנצוקוקען. זיי האָבען האָלט עפּעס רעכטס... אַ קרעפֿטיגען יונג, אָט מיט אַזעלכע אָרעמס!"

און ער האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע די רעכטע האַנד, מיט אַ פֿערקאַשערטען אַרבעל ביז איבער'ן עלענבויגען און האָט אונז געצייגט זיין נאַקעטען מוסקולעזען אָרעם, וועל-כער איז געווען צאַרט ווייס און קרעפֿטיג, בעדעקט מיט בליצעדיגע געלע הערלעך.

„די פֿאָלקעס, די ברוסט, אַלעס מוז זיין שטאַרק און קרעפֿטיג... דאַן מוז מען אויך זיין שעהן אָנגעטהאָן, נאָך דער לעצטער מאָדע, עס זאָל זיי קענען צוציהען. זעהט

איהר, מיך האָבען זיי האַלט, איך . געפֿעל זיי... איך רוף זיי ניט, איך מאַך זיך צו זיי ניט צו און זיי, צו פֿינף אויף אַמאָל, הייגגען זיי זיך ביי מיר אויף׳ן האַלדז..."

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ זאַק מעהל און האָט אונז פֿאַר אַ לאַנגע צייט דערצעהלט, ווי פֿרויען האָבען איהם געליבט און ווי דרייסט ער איז געווען מיט זיי... דאַן איז ער אַוועקגעגאַנגען, און נאָכדעם ווי די טהיר האָט זיך מיט אַ סקריפּ הינטער איהם צוגעמאַכט, זיינען מיר פֿאַר אַ לאַנגע צייט געבליבען זיצען שטילשווייגענד און האָבען נאָכגעדיינקט וועגען איהם און דאָס וואָס ער האָט אונז דערצעהלט. דאַן האָבען מיר אַלע פּלוצלינג אונטערבראָכען אונזער שטילשווייגען און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, דאָס ער איז אונז אַלעמען געפֿעלען געוואָרען. מיר זיינען אַלע געווען צופֿרידען מיט איהם. ער איז געווען אַזוי פֿיין, אָפֿענהערציג און איינפֿאַך מיט אונז; ער פֿלעגט צו אונז קומען און אָהן גאוה, זיך אַוועקזעצען און פּלוידערען מיט אונז. קיינער איז צו אונז ניט געקומען, קיינער האָט צו אונז ניט אַזוי פֿריינדליך גערעט, ווי ער.

מיר האָבען געהאַלטען אין איין ריידען וועגען איהם און וועגען זיינע צוקונפֿטיגע ערפֿאָלגען ביי די מיידלעך, וואָס האָבען געאַרבייט אין דעם גאָלד-שטיקעריי געשעפֿט, וועלכע זיינען אונז פֿערביי געגאַנגען מיט אַ פֿערעכטליכען שפּאָט, ווען מיר האָבען זיי אָנגעגעגענט אין הויף און האָבען אונז אַזוי אַריבערגעקוקט, ווי מיר וואָלטען גאָר ניט עקזיסטירט. מיר האָבען זיי אפילו אימער בעוואונדערט, ווען מיר האָבען זיי אָנגעטראָפֿען פֿון ווייטען אָדער ווען זיי פֿלעגען פֿערבייגעהען פֿאַר אונזער פֿענסטער — ווינטער אין פֿוטערנע מאַנטלען און היטעלעך און זומער-צייט מיט בלומען-געפוצטע היט און קאָלירטע זונען-שירמעס אין די הענד. דאָך האָבען מיר וועגען זיי גערעט אין אַזאַ פֿאָרמע, דאָס זיי וואָלטען רויט געוואָרען פֿאַר שאַנדע און אויפֿרעגונג, ווען זיי וואָלטען עס געהערט...

„ער זאָל אַקאָרשט ניט פֿערפֿיהרען די קליינע טאַניאַ!" האָט דער בעקער פּלוצלינג אַ זאָג געטהאָן.

מיר האָבען אַלע געשוויגען, דען דיזע ווערטער האָבען אונז אַלעמען בעאונרוהיגט. מיר האָבען זיך אָן איהר גאָר

געהאַט פֿערגעסען, אַזוי ווי זי וואָלט פֿערשטעלט געוואָרען פֿאַר אונז, דורך די שעהנע, קרעפֿטיגע פֿיגור פֿון דעם סאָלדאַט.

דאַן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ לעבהאַפֿטער שטרייט; מאַנכע פֿון אונז האָבען בעהויפטעט, אַז טאַניאַ וועט זיך אויף אַזוי ווייט ניט ערנידריגען; אַנדערע האָבען געצוויי-פֿעלט און גיזאָגט, דאָס זי וועט זיך ניט קענען צוריקהאַלטען פֿון איהם; גאָר אַנדערע האָבען פֿאָרגעשלאָגען, דאָס מען זאָל איהם גוט דורכברעכען די ביינער, אויב ער וועט פרובירען זיך טשעפּען צו טאַניאַ׳ן. ענדליך האָבען מיר אַלע איינשטימיג בעשלאָסען, גוט אַכטונג צו געבען אויף דעם סאָלדאַט און טאַניאַ׳ן און וואַרנען די מיידעל זי זאָלען זיך היטען פֿאַר איהם. דיזער ענטשלוס האָט געמאַכט אַן ענדע צו אונזער שטרייט.

---

פֿיער וואָכען זיינען פֿון דאַן אָן אַוועק; דער סאָלדאַט האָט אונטער דיזער צייט געבאַקען ווייסע ברויט, האָט אַרומגעשפּאַצירט מיט די מיידלעך, וועלכע האָבען גע-אַרבייט אין דעם גאָלד-שטיקעריי געשעפֿט, ער האָט אונז אָבגעשטאַטעט אָפֿטע בעזוכע און האָט מעהר ניט גערעט וועגען זיינע העלדישקייטען איבער די מיידלעך; ער האָט נאָר געדרעהט מיט די וואָנסען און געשמאָטשקעט מיט די ליפּען.

טאַניאַ איז יעדען פֿריהמאָרגען, אַזוי ווי אַלע מאָל, אריינגעקומען נאָך די „קליינע בייגעל" און איז געוועזען אַזוי לוסטיג, לעבעדיג און פֿריינדליך צו אונז, אַזוי ווי אימער. מיר האָבען אַפּאָר מאָל פּרובירט צו איהר ריידען וועגען דעם סאָלדאַט, נאָר זי האָט איהם גערופֿען „די קאַלב מיט די אויסגעגלאַצטע אויגען" און אַנדערע צונעמען, זי האָט פֿון איהם חוזק געמאַכט און דאָס האָט אונז בערוהיגט. מיר האָבען צוגעזעהען, וואָס די איבריגע מיידלעך האָבען פֿערפֿיהרט מיט׳ן סאָלדאַט און מיר זיינען שטאָלץ געווען מיט אונזער מיידעל; טאַניאַ׳ס אויפֿפֿיהרונג האָט אונז גע-מאַכט עהרע; מיר האָבען איהר געטרייט נאָכטהאָן און האָבען דעם סאָלדאַט בעהאַנדעלט אין אונזערע געשפּרעכע

מיט ווייניגער רעספּעקט. זי איז אונז געוואָרען טהייערער און מיר האָבען איהר יעדען מאָרגען בעגריסט מיט מעהר ליבליכקייט און פריינדשאַפט.

איין טאָג איז ער צו אונז אַריינגעקומען אַביסעל שכור׳לעך, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט אָנגעהויבען צו לאַכען. ווען מיר האָבען איהם געפרעגט פון וואָס ער לאַכט, האָט ער אונז ערקלעהרט:

„צוויי זייערע — לודקאַ און גרושקאַ — האָבען זיך איבער מיר געשלאָגען. איהר האָט געדאַרפט זעהען, ווי זיי האָבען זיך געגעבען! האַ! האַ! האַ! זיי האָבען זיך צוקראַצט די פּנים׳ער און צוריסען די קליידער! עס איז געווען גענוג פאַר איינעם צו שטאַרבען פון געלעכטער! ווי קומט עס, וואָס פרויען קענען זיך ניט שלאָגען ווי עס בעדאַרף צו זיין, אויף אַן עהרליכען שטייגער? וואָרום צוקראַצען זיי זיך אימער די געזיכטער? האַ?

ער איז געזעסען אויף׳ן באַנק, געזונט, פריש און מונטער; ער איז געזעסען און געלאַכט. מיר האָבען געשוויגען. דיזען מאָל האָט ער געמאַכט אַן אונאַנגענעהמען איינדרוק אויף אונז.

„וואונדערבאַר! איז דאָס ניט מערקווירדיג, וואָס פאַר אַ מזל איך האָב דאָס צו פרויען? הע? איך האָב מיר אַזוי פיל אָנגעלאַכט, דאָס איך בין אַזש קראַנק! איין וואונק און אַלעס איז פאַרטיג מיט זיי! צום טייוועל!"

ער האָט אויפגעהויבען זיינע ווייסע, האָריגע הענד און זיי זיינען צוריקגעפאַלען אויף די קניע. זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט אַ נאַאיווען אויפריכטיגען ערשטוינען, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין געווען איבעררעשט מיט זיין גוטען מזל, וואָס ער האָט צו פרויען. זיין דיקע, רויטע געזיכט האָט געשטראַהלט פון גליק און זעלבסטצופרידענהייט און ער האָט געשמאַטשקעט מיט די ליפּען מעהר ווי אימער.

אונזער בעקער האָט אונרוהיג און אויפגערעגט געשאַרט מיט׳ן שופעל איבער׳ן דעק פון אויוען און פלוצלינג האָט ער זיך אָנגערופען:

„וואָס פאַר אַ העלדישקייט דאָס איז, אַ קונץ איינצו-בויגען אַ יונגען בוימעלע, אַנו בעווייז נאָר אַ כראַבראָסט און בויג איין אַ סאָסנע!"

„וואַרום, וואָס מיינסטו דערמיט?" האָט דער סאָלדאַט געפרעגט.

„אָה, עס איז גאָר ניט..."

„וואָס האָסטו געזאָגט?"

„גאָר ניט, עס האָט זיך מיר אַרויסגעגליטשט!"

„ניין, וואַרט אַ ווײלע! וואָס מיינסטו? וואָס פאַר אַ סאָסנע?"

אונזער בעקער האָט ניט געענטפערט און האָט שנעל געאַרבייט מיט׳ן שופעל אין אויווען; ער האָט אַריינגעוואָרפען די האַלב-געקאָכטע בייגעל און אַרויסגענומען די פאַרטיגע און מיט אַ געררויש זיי אַראָבגעוואָרפען אויף דער פאָדלאָגע צו די לעהר-אינגלעך, וועלכע האָבען זיי אַרויפגעצויגען אויף שנירלעך. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס ער האָט אין גאַנצען פערגעסען אָן דעם סאָלדאַט און דעם געשפרעך מיט איהם. דער סאָלדאַט איז פּלוצלינג געוואָרען אונרוהיג. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס און איז געגאַנגען צום אויווען, ריזיקירענדיג צו קריגען אַ זעץ מיט׳ן שופעל, וועלכער האָט זיך מיט אַ פיבערהאַפטער געשווינדיגקייט בעוועגט אין דער לופט.

„ניין, זאָג מיר, איך בעט דיר, וועמען מיינסטו? דו האָסט מיר בעליידיגט... איך? עס גיט ניט קיינע, וואָס זאָל מיר ווידערשטעהען, ניין, ניין! און דו בעליידיגסט מיר אַזוי..."

עס האָט געשיינט, דאָס ער געפינט זיך ווירקליך טיעף געקריינקט. וואַהרשיינליך האָט ער ניט געהאַט מיט עטוואָס אַנדערעס זיך איבערצונעהמען, אויסער מיט זיין פעהיגקייט צו פערפיהרען פרויען, און פיליכט איז אויך דיזע פעהיגקייט געווען די איינציגע זאַך, וועלכע האָט איהם געמאַכט זיך פיהלען אַלס לעבעדיגער מענש.

עס גיט מענשען, ביי וועמען אַ געוויסע קערפערליכע אָדער גייסטיגע קראַנקהייט שיינט צו זיין דאָס שעהנסטע און בעסטע אין זייער לעבען. זייער גאַנצען לעבען-לאַנג גיבען זיי זיך מיט דעם אָב, זיי לעבען נאָר צוליב דעם, זיי ליידען דאַדורך, זיי נעהרען זיך מיט דעם, זיי בעקלאָגען זיך פאַר אַנדערע וועגען דעם און ציהען דאַדורך די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע מיטמענשען אויף זיך. אַזוי רופען זיי אַרויס די

סימפּאַטי פֿון מענשען און אויסערדעם בעזיצען זיי קיין זאַך ניט. נעהמט פֿון זיי אַוועק דיזע קראַנקהייט און זיי וועלען בלייבען די אונגליקליכסטע, דען זיי האָבען פּערלאָרען די איינציגע קוועלע פֿון זייער לעבען — זיי בלייבען ביי גאָר ניט. מאַנכע מאָל איז דער לעבען פֿון מענשען אַזוי אָרעם, אַזוי פוסט, דאָס אינסטינקטיוו, אָהנע צו פּיהלען, ווערט ער געטריבען צו שעצען זיין לאַסטער, דען דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס מאַכט איהם פּיהלען, דאָס ער לעבט; מען קען טהאַטזעכליך זאָגען, דאָס מענשען ווערען לאַסטערהאַפּט, צוליב זייער פוסטקייט.

דער סאָלדאַט איז געוועזען בעלייידיגט, ער האָט זיך גאַנץ נאָהנט צוגערוקט נעבען בעקער און האָט אַרויסגעברומט:

„ניין, זאָג מיר דאָך, ווער איז עס?"

„דיר זאָגען?" האָט דער בעקער זיך פּלוצלינג געווענדעט צו איהם.

„נו, זאָג, ווער?"

„קענסטו טאַניאַ?"

„נו, וואָס איז?"

„איהר מיין איך דאָס, פּראָביר נאָר מיט איהר!"

„איך?"

„יאַ דו!"

„לעבערליך, דאָס איז דאָך גאָר ניט פֿאַר מיר — פֿהו!"

„מיר וועלען זעהען!"

„איהר זאָלט עס זעהען! האַ! האַ!"

„זי וועט דיר — "

„גיב מיר אַ מאָנאַט צייט!"

„וואָס פֿאַר אַ בעריהמער דו ביזט, סאָלדאַט!"

„נאָר צוויי וואָכען! איך וועל עס בעווייזען! ווער איז דאָס? טאַניאַ! פּהו!"

„געה אַוועק! דו ביזט מיר אין וועג!"

„צוויי וואָכען נאָר — און איך בין מיט איהר פֿערטיג! אַך, דו —"

„טראָג זיך אָב, זאָג איך דיר!"

אונזער בעקער איז פּלוצלינג ווילד געוואָרען און האָט געפּאָכט מיט'ן שופֿעל. דער סאָלדאַט האָט זיך ערשטוינט אָבגערוקט פֿון איהם, ער האָט אונז אַלעמען בעטראַכט און

זאָגענדיג צו אונז אין אַ פֿריינדליכען טאָן: „נון, גוט!“ איז ער צוגעגאַנגען צו דער טהיר און איז אַוועק.

אונטער דער צייט וואָס זיי האָבען ביידע זיך געשטריטען, זיינען מיר אַלע געזעסען שטיל און האָבען זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט. אַזוי געשווינד אָבער ווי דער סאָלדאַט איז אַוועק, איז צווישען אונז ענטשטאַנען אַ הויכער און לעב־האַפֿטער געשפּרעך:

„דו האָסט זעהר שלעכט געטהאָן, פּאַוועל!“ האָט איינער פֿון אונז צוגערופֿען דעם בעקער.

„טהו דיין אַרבייט!“ האָט איהם דער בעקער געענטפֿערט ווילד.

מיר האָבען געפֿיהלט, דאָס דער סאָלדאַט איז געוועזען זעהר אויפֿגערעגט און דאָס טאַניאַ איז געשטאַנען אין גע־פֿאַהר. מיר האָבען עס געפֿיהלט און אין דערזעלבער צייט זיינען מיר געוועזען דורכדרונגען מיט אַ ברענענדער, אַנגע־נעהמער נייגעריגקייט, צו וויסען וואָס עס וועט זיך אויס־לאָזען. וועט זי קענען ווידערשטעהען דעם סאָלדאַט? און כמעט אַלע האָבען מיר איבערצייגט אויסגערופֿען: „טאַניאַ? זי וועט איהם צו זיך ניט צולאָזען! ער וועט גאָר ניט אויספֿיהרען מיט איהר!“

מיר זיינען געוועזען שרעקליך געשפּאַנט צו וויסען די שטאַרקייט פֿון אונזער אָבגאָט; מיר האָבען געזוכט איינער דעם אַנדערען צו איבערצייגען, דאָס אונזער געטליכקייט איז שטאַרק גענוג אויסצוהאַלטען דיזען נסיון. ענדליך האָבען מיר אָנגעהויבען צו דיינקען, דאָס מיר האָבען נאָך וועניג געערגערט דעם סאָלדאַט, דאָס ער קען זיך נאָך גאָר אין גאַנצען פֿערגעסען אָן דעם שטרייט און דאָס עס וואָלט גוט געוועזען איהם נאָך מעהר אונטערצוהעצען. פֿון דיזען טאָג אָן האָבען מיר אָנגעפֿאַנגען צו לעבען אַ גאַנץ אַנדערען לעבען, אַ לעבען פֿון נערוועזער אויפֿגערעגטקייט, פֿון וועלכען מיר האָבען פֿריהער ניט געוואוסט. גאַנצע טעג האָבען מיר פֿערבראַכט אין אַרומשטרייטען זיך; עס האָט אויסגעזעהען ווי מיר וואָלטען קליגער געוואָרען און געקראָגען מעהר רייד און בעסערע אויסדריקע. עס האָט אונז אויסגעוויזען, אַזוי ווי מיר וואָלטען זיך פֿערנומען אין אַ וועט־שפּיל מיט'ן טייוועל און טאַניאַ איז געוועזען דער איינשטעל פֿון אונזער

זייט. ווען מיר האָבען ערפאַהרען פון די בעקער, דאָס דער סאָלדאַט האָט אָנגעפאַנגען „זיך צו יאָגען נאָך טאַ־ניאַ׳ן,“ האָבען מיר געפיהלט אַ מערקווירדיגען אַנגענעהמען שרעק און אונזער לעבען איז געוואָרען אַזוי פעראינטערעסירט, דאָס מיר האָבען אפילו ניט געמערקט, ווי אונזער מייסטער האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט פון אונזער אויפגערעגטהייט און האָט אונז געגעבען מיט 14 פונט טייג אויף׳ן טאָג מעהר אויסצואַרבייטען. מיר האָבען זיך זאָגאַר ניט געפיהלט מיד פון אונזער אַרבייט. אַ גאַנצען טאָג איז טאַניאַ׳ס נאָ־מען ניט אַרונטער פון אונזערע ליפען. יעדען פריה־מאָרגען האָבען מיר איהר ערוואַרטעט מיט אַ זאָנדערבאַרער אונ־געדולדיגקייט. מאַנכעסמאָל האָבען מיר זיך פאָרגעשטעלט, דאָס זי וועט קומען צו אונז און עס וועט ניט מעהר זיין דיזעלבע טאַניאַ. מיר האָבען אָבער איהר גאָר ניט דערצעהלט פון דעם שטרייט, וואָס מיר האָבען געהאַט איבער איהר. מיר האָבען איהר קיין זאַך ניט געפרעגט און זיך פער־האַלטען אַזוי גוט און פריינדליך צו איהר ווי פריהער. אָבער עטוואָס נייעס איז צוגעקומען אין אונזערע בעציהונגען צו טאַניאַ, אַזעלכעס, וואָס איז אונז פריהער פרעמד געווען — און דאָס איז געווען די געשפאַנטע נייגיריגקייט, וועלכע איז אַזוי קאַלט און שאַרף, ווי אַ שטאָלענער מעסער.

„ברידער! היינט ענדיגט זיך דער טערמין!“ האָט אונזער בעקער אין אַ פריהמאָרגען צו אונז געזאָגט, זיך שטעלענדיג צו דער אַרבייט.

מיר האָבען דאָס אַלע געוואוסט און ניט געדאַרפט וואַר־טען, ער זאָל אונז דערמאָהנען; דאָך האָט עס אונז אַלעמען אויפגעציטערט.

„בעטראַכט איהר גוט... זי וועט דאָ באַלד זיין!“ האָט ער פאָרטגעזעצט.

„נו, און וואָס וועט זיין, קען מען דען עפעס אַרויסזעהן!“ האָט איינער זיך אָנגערופען אין אַן אונרוהיגען טאָן.

און פון דאָס ניי האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ טומעלדיגער שטרייט. היינט האָבען מיר זיך דאָס געזאָלט איבערצייגען, ווי ריין און אָהן אַ שפרייענקעלע דאָס געשיר איז, אין וועלכע מיר האָבען אַריינגעלעגט דאָס בעסטע, וואָס איז געווען אין אונז. דיזען מאָרגען איז אונז צום ערשטען מאָל קלאָהר

געוואָרען, דאָס מיר האָבעןווירקליך געשפּילט אַ גרויסען שפּיל; דאָס דורך דעם נסיון פון דער ריינהייט פון אונזער אָבגאָט קענען מיר אונזער גאָטהייט אין גאַנצען פערלירען.

דורך די גאַנצע 14 טאָג האָבען מיר געהערט, דאָס טאַניאַ איז האַרטנעקיג און אונאויפהערליך פערפאָלגט געוואָרען פון דעם סאָלדאַט, אָבער קיינעם פון אונז איז גאָר ניט איינגעפאַלען איהר צו פרעגען, ווי זי פערהאַלט זיך צו איהם. זי איז געקומען צו אונז יעדען פריהמאָרגען נאָך די בייגעל און איז אימער געבליבען דיזעלבע.

אויך דיזען מאָרגען האָבען מיר געהערט איהר שטימע:

„איהרע אָרעמע טורמעניקעס! דאָ בין איך!"

מיר האָבען איהר געעפענט די טהיר, און ווען זי איז אַריינגעקומען זיינען מיר געגען אונזער געוואוינהייט געבליבען שטיל, ניט אַזוי ווי אַלע מאָל. מיר האָבען מיט פאָרשענדע אויגען געקוקט אויף איהר, ניט וויסענדיג וואָס צו ריידען צו איהר און וואָס איהר צו פרעגען. אַזוי זיינען מיר געשטאַנען פאַר איהר, אַ פינסטערע, טרויעריגע, שטיל־שווייגענדע מאַסע. זי האָט געשיינט צו זיין איבערראַשט פון דיזען אונגעוועהנליכען עמפּפאַנג; זי איז פּלוצלינג געוואָרען בלאַס און אונרוהיג, און מיט אַ פערשטיקטער שטימע האָט זי אונז געפרעגט:

„וואָס איז מיט אייך? וואַרום זייט איהר היינט עפּעס אַזוי?"

„און דו?" האָט איהר דער בעקער בייז אַ שטאָך געטהאָן, ניט אַראָבנעהמענדיג די אויגען פון איהר.

„וואָס זאָל דען מיט מיר זיין?"

„גאָ—גאָר ניט."

„נו, טאָ גיט מיר געשווינדער די בייגעלעך."

פריהער האָט זי זיך קיינמאָל ניט אַזוי געאיילט.

„דו האָסט נאָך געוגוג צייט!" האָט דער בעקער צו איהר געזאָגט, זיך ניט ריהרענדיג פון אָרט און ניט אַראָבנעהמענדיג די אויגען פון איהר געזיכט.

פּלוצלינג האָט זי זיך אומגעקעהרט און איז פערשוואונדען געוואָרען דורך'ן טהיר.

דער בעקער האָט גענומען זיין שופעל און זיך אומקעהרענדיג צום אויווען, האָט ער מיט אַ רוהיגער שטימע געזאָגט:

„נון, עס איז געענדיגט! אָבער אַ סאָלדאַט! אַזאַ געמיינע חיה ווי דער! א נידריגער שורקע!..."

ווי אַ סטאַדע שעפּסען, זיך שטופּענדיג איינער דעם אַנדערען, זיינען מיר צוריקגעגאַנגען צום טיש, שטילשווייגענד האָבען מיר זיך אַוועקגעזעצט און האָבען אָנגעפּאַנגען גלייכגילטיג צו אַרבייטען. פּלוצלינג אָבער האָט איינער אונטערבראָכען די שטילקייט:

„נאָך אַלעמען, פּילייכט איז עס נאָך ניט —"

„שוייג שטיל!" האָט דער בעקער אויסגעשריען.

מיר האָבען אַלע געוואוסט, אַז ער איז קליגער און פּערשטעהט זאַכען בעסער ווי מיר. דער קלאַנג פון זיין שטימע האָט אונז איבערציינגט, דאָס דער סאָלדאַט האָט געזיגט און מיר זיינען געוואָרען טרויריג און נידערשלאָגען.

אום 12 אַ זייגער — ווען מיר האָבען געהאַלטען אין עסען אונזער מיטאָג — איז דער סאָלדאַט אַריינגעקומען. ער איז געווען ריין און לעבעדיג, אַזוי ווי אַלע מאָל און האָט אונז, ווי שטענדיג, געקוקט גלייך אין די אויגען. אונז אָבער איז שווער געווען איהם צו קוקען גלייך אין געזיכט.

„נו, מיינע הערען, ווילט איהר דאָס איך זאָל אייך ציינען, וואָס אַ סאָלדאַט קען?" האָט ער אונז געפּרעגט מיט אַ שטאָלצען געלעכטער.

„קומט אַרויס אין פּאָרהויז און קוקט דורך'ן שפּאַלט — איהר פּערשטעהט?"

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען אין פּאָרהויז און זיך שטויסענדיג איינער דעם אַנדערען, האָבען מיר זיך געדריקט צו צוקומען צו אַ שפּעלטעל אין דער הילצערנער ווענטעל פון פּאָרהויז, וועלכע האָט אַרויסגעקוקט צום הויף. מיר האָבען ניט געהאַט לאַנג צו וואַרטען. באַלד האָבען מיר דערזעהן טאַניאַן געהענדיג מיט געשווינדע שריט און אַ בעזאָרגטען פנים איבער'ן הויף, אַריבערשפּרינגענדיג די בלאָטיגע ליוזשקעס פון דעם צושמאָלצענעם שניי און פּערשווינדענדיג אין דעם מאַגאַזין קעלער. אין אַ ווייל אַרום איז אַרויסגעקומען דער סאָלדאַט פּייפּענדיג און זיך ניט איילענדיג איז ער געגאַנגען אין דערזעלבער ריכטונג. ער האָט געהאַלטען די הענד אין די קעשענעס און זיינע וואָנסען האָבען געציטערט.

עס איז געפֿאַלען אַ רעגען און מיר האָבען געזעהען, ווי די טראָפּען זיינען געפֿאַלען אין די ליוזשקעס און האָבען געמאַכט בלעזעלעך אויף'ן וואַסער. עס איז געווען אַ פֿייכ-טער, גרויער, זעהר לאַנגווייליגער טאָג. דער שניי איז נאָך געלעגען אויף די דעכער, אָבער אויף דער ערד האָבען זיך שוין אָנגעפֿאַנגען אַרויסצוזעהן דונקעלע לאַטעס בלאָטע. אויך דער שניי, וואָס איז געלעגען אויף די דעכער האָט שוין אויסגעזעהען, ווי בעדעקט מיט אַ ברוינליכער שמוציגקייט. דער רעגען איז געפֿאַלען גאַנץ זאַכט מיט אַ מעלאַנכאָלישען גערויש. עס איז אונז געווען קאַלט און אונאַנגענעהם צו וואַרטען.

דער ערשטער אַרויסצוקומען פֿון מאַגאַזין-קעלער איז געווען דער סאָלדאַט; ער איז זיך געגאַנגען גאַנץ לאַנגזאַם איבער'ן הויף, דרעהענדיג די וואָנסען, מיט די הענד אין די קעשענעס — דערזעלבער ווי אימער.

באַלד דערנאָך איז אויך טאַניאַ אַרויסגעקומען. איהרע אויגען האָבען געלויכטען פֿון פֿריידע און גליק און איהרע ליפּען האָבען געשמייכעלט. זי איז געגאַנגען אַזוי ווי פֿער'חלום'ט זיך וויגענדיג מיט אונזיכערע טריט.

מיר האָבען זיך ניט מעהר געקענט איינהאַלטען. מיר האָבען זיך אַלע אַוואָרפֿגעטהאָן צו דער טהיר, האָבען איהר אויפֿגעריסען און זיינען אַרויס אין הויף און האָבען איהר אָנגעפֿאַנגען אויסצופֿייפֿען, מיר האָבען געשריען און ווילד און בייז איהר בעליידיגט.

זי האָט אויפֿגעשוידערט אונז דערזעהענדיג און איז גע-בליבען שטעהען, אַזוי ווי צוגעשמיט צו דער בלאָטע אונטער איהרע פֿיס. מיר האָבען איהר אַרומגערינגעלט און מיט ווילדקייט, אָהנע זיך צוריקצוהאַלטען, האָבען מיר געשאָטען אויף איהר בעליידיגונגען און שענדליכע ווערטער.

זעהענדיג, אַז זי קען פֿון אונז ניט אַוועק, ווייל מיר האָבען איהר געהאַט אַרומגערינגעלט און מיר קענען איהר שימפּפֿען און בעליידיגען וויפֿיל אונזער האַרץ געלוסט, האָבען מיר זיך ניט געאיילט און עס געטהאָן גאַנץ גע-לאַסען. איך ווייס ניט וואַרום, אָבער מיר האָבען איהר ניט געשלאָגען. זי איז געשטאַנען אין מיטען און האָט געדרעהט דעם קאָפּ אַהין און אַהער, אויסהערענדיג אונזערע בעליי-

דיגונגען און זידלערייען. און מיר — מיר האָבען געהאַלטען אין איין גיסעען אויף איהר אַלס מעהר און מעהר דעם שמוץ און גיפט פון אונזערע ווערטער.

די פאַרב פון איהר געזיכט איז פערשוואונדען. איהרע בלויע אויגען, וועלכע האָבען אַזוי גליקליך געלויכטען מיט אַ מינוט צוריק, זיינען געווען ווייט אָפען, איהר ברוסט האָט זיך האַסטיגט בעוועגט און איהרע ליפען האָבען געציטערט.

מיר האָבען פון איהר גענומען ראַכע, אַזוי ווי זי וואָלט אונז בערויבט. זי האָט געהערט צו אונז, מיר האָבען אויף איהר פערשווענדעט אונזער בעסטעס, און זאָגאַר אונזער בעסטעס איז ניט מעהר געווען ווי בעטלער-ברעקלעך, דאָך זיינען מיר געווען זעכס-און צוואַנציג און זי נאָר איינע, און מיר האָבען ניט געקענט געפינען גענוג פיין, וואָס זאָל גלייך זיין צו איהר פערברעכען, וועלכען זי האָט גע-גען אונז בעגאַנגען! ווי מיר האָבען איהר בעליידיגט! זי האָט אַלס געשוויגען, זי האָט אויף אונז געבליקט מיט ווילדע אויגען און האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפער.

מיר האָבען געלאַכט, געשריען און געליאַרעמט. אַנדערע מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען צוזאַמען צו קלייבען און האָבען אונז מיטגעהאָלפען... איינער פון אונז האָט איהר געשלעפט פאַר'ן אַרבעל...

פלוצלינג האָבען איהרע אויגען אויפגעבליצט, זי האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבען איהר האַנד און זיך צורעכטמאַ-כענדיג די האָר האָט זי, רוהיג אַריינקוקענדיג אונז אין די געזיכטער, צו אונז הויך אַ זאָג געטהאָן:

„אַך, איהר עלענדע אַרעסטאַנטען, וואָס איהר זייט!‘

און זי האָט אָנגעפאַנגען צו געהן, זי איז געגאַנגען גלייך אויף אונז, אַזוי ווי מיר וואָלטען גאָר ניט געווען און איהר פערשטעלט דעם וועג.

מיר האָבען זיך אָבגערוקט און איהר געלאָזט דורכגעהן.

אַרויסגעהענדיג פון אונזער צירקעל און זיך ניט אומקע-רעהנדיג האָט זי אונז מיט אַן אונבעשרייבליכער פעראַכטונג גאַנץ הויך צוגערופען: „אַך, איהר פאַסקודנע, אַבשייליכע בעשעפעניסען, וואָס איהר זייט!“ און זי איז אַוועק.

מיר זיינען געבליבען שטעהן אין מיטען פון הויף, אין רעגען, אין שמוץ, אונטער דעם גרויען זונען-לאָזען הימעל.

דאַן ווינען מיר אויך שטילשווייגענד אַוועק צו אונזער פּייכטען שטיינערנעם קעלער. און אַזוי ווי פריהער, האָט די זון קיינמאָל ניט אַריינגעשיינט דורך אונזער פענסטער און טאַניאַ איז קיינמאָל מעהר צו אונז ניט געקומען!...



— ענדע —

פרייז:

2½ פעני; —— 10 סענט; —— 25 סאַנטים.

אגענטען ווערען פערלאַנגט איבעראל.

מיר גיבען גוטען ראַבאַב.

אַ קאַטאַלאָג פון אַנדערע בראָשורען ווערט צוגעשיקט אויף פערלאַנג.

בעשטעלונגען פאַר אַלעם צו אַדרעסירען:

G. DAVID, 58 Dunstan Houses, Stepney Green, E. London, England.

ISBN:0-657-12158-4